צוזאַמענגעשטעלט
דורך אַ קאָלעגיום

Undzer Gezang — Zbiór pieśni z nutami

Centralny Komitet Żydów w Polsce
Wydział Kultury i Propagandy

Warszawa 1947



דאָס יידישע לעבן אין דעם נייעם פּוילן קומט אויף פון צווישן די אומגעהויערע חורבות, וואָס דער פאַרדאַרבנדיקער דייטשישער פאַשיזם האָט געלאָזן נאָך זיך. צוזאַמען מיטן אויפבוי פון אונדזערעווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס גייען אויף אויך נייע יידישע קולטור־שפּראָצונגען. ווי באַלעבנדיקע פלאַנצן האָט זיך שוין איבערן גאַנצן יידישן ישוב אויסגעשפּרייט אַ היפּשע בעץ פון יידישע שולן, קינדער־היימען, ביבליאָטעקן, קלובן, פאָלקס־כאָרן און אָרקעסטערס.

און עס איז נאַטירלעך, וואָס צוגלייך מיטן טעגלעכן ברויט, וואָס ווערט אויסגעהאָדעוועט דורך געזונטער מי גייט נאָך דעם יידישן פאָלקס־מענטש די מעלאָדיע, דאָס געזאַנג, ווי אַ באַגלייטער פון זיינע פריידן און ליידן. די יידישע טראַגעדיע פון דער היטלער־צייט ווי דער קאַמפּס־מאָטיוו פון אונטערדריקטן אַרבעטס־מענטש, דאָס באַהנטע געזאַנג פון דער יידישער מאַמע, ווי די מעלאָדיע פון אומשולדיקן יידישן קינד באַקומט אַ תיקון אין יידישן פאָלקס־ליד, וואָס איז אַזוי גערן דעם געמיט פונם פּשוטן ייד ווי פונם יידישן אינטעליגענט; דאָס זעלביקע דער פּאַרטיזאַנער־מאָטיוו און דאָס ליד פונם יידישן שטייגער, וואָס איז אונטערגעבראָכן געוואָרן דורך די רוצחישע הענט.

פונם אַמאָליקן יידישן לעבן איז אונדז ווינציק וואָס געבליבן, מיר זענען צוגעטראָטן בויען און פלעגן אַ ניי לעבן, אַ נייעם יידישן שטייגער. דערפאַר זענען אונדז נאָענט די מעלאָדיעס פון דעם ווייטן אַמאָל ווי פון דעם נעכטן, וואָס טריפט נאָך מיטן בלוט פון די נאָך נישט פאַרהיילטע ווונדן.

דאָס פאָרליגנדיקע ביכעלע איז נאָר אַ קליינע זאַמלונג פון דעם אַלטן פאָלקס־אוצר פון יידישן געזאַנג, וועלכער איז אייגן אונדזער יום־טוב און אונדזער וואָכנטאָג, דאָ איז אויך נישט געווען אויסצומיידן דאָס נייע ליד פון יידישן אומקום.

ביים צונויפשטעלן דאָס ביכעלע האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף באַדייטנדיקע שוועריקייטן. אָן ספק זענען געבליבן בלויזן און פעלערן, וועלכע מיר האָפן צו באַזייטיקן ביי אַ צווייטער אויפלאַגע.

איז דאס לייט בעסט-אר איר אויף שטייט נאל - ציא - נא

מיט שטרייט נער - דע - שיי - אנט און טער לעצ דער - און זיין

לייט-בעטס - אר איר אויף שטייט נאל - ציא - נא - טער - אינ דעם

שטייט אויף, איר אַלע, וועד, ווי שקלאַפן,
אין הונגער לעבט איר און אין נויט!
דער גייסט, ער קאכט, ער רופט צום וואפן,
אין שלאַכט אונדז פירן איז ער גרייט.

די וועלט פון גוואַלדטאַטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר, און דאַן —
פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן־עדן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטס־מאַן.

דאס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט.
מיט דעם אינטערנאַציאנאַל
שטייט אויף, איר אַרבעטסלייט.

ניין, קיינער וועט אונדז נישט באַפרייען —
נישט גאָט אַליין און נישט קיין העלד,
מיט אונדזער אייגענעם כלי־זין
אַ רעטונג ברענגען מיר דער וועלט.

אַראָפּ דעם יאָך! גענוג שוין געליטן!
גענוג פאַרגאָסן בלוט און שווייס!
צעבלאָזט דאָס פייער, לאָמיר שמידן,
כל־זמן דאָס אייזן איז נאָך הייס!

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער א. א. וו.

דער אַרבעטס־מאַן וועט זיין ממשלה,
פאַרשפּרייטן אויף דער גאַנצער ערד
און פּאַראַזיטן די מפּלה
באַקומען וועלן פון זיין שווערד.

די גרויסע שטורעם־טעג זיי וועלן,
נאָר פאַר טיראַנען שרעקלעך זיין —
זיי קאָנען אָבער נישט פאַרשטעלן
פאַר אונדז די העלע זונען־שיין.

דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער א. אַ. וו.

## התקוה

כל עוד בלבב פנימה
נפש יהודה הומיה
ולפאתי מזרח קדימה
עין לציון צופיה —

עוד לא אבדה תקותנו,
התקוה משנות אלפים,
להיות עם חפשי בארצנו,
ארץ ציון וירושלים!

# הַתִּקְוָה

טעקסט : מ.ה. אימבער

דִי - הוּ - ; פֶשׁ - נֶ מָה - נִ - פְּ בָבָ - לֵ - בַּ עוֹד כָּל

מָה - דִי - קָ רָח - מִזְ תֵי - אֲ - פַּ - וּלְ יָה - מִ - הֹ

דָה - אָבְ לֹא עוֹד יָה - פִ - צוֹ יוֹן - צִ - לְ יִן - עַ

יִם - פַּ - אַל שְׁנוֹת - בַּת וְה - תִקְ - הַ נוּ - תֵ - וָ - תִקְ

- וִ יוֹן - צִ רֶץ - אֶ נוּ - צֵ - אַרְ - בְּ שִׁי - חָפְ עַם יוֹת - לִהְ

נוּ - צֵ - אַרְ - בְּ שִׁי - חָפְ עַם יוֹת - לִהְ יִם - לַ - שָׁ - רוּ

אֶ - רֶץ צִ - יוֹן - וִ - רוּ - שָׁ - לָ - יִם

# זאָג נישט קיינמאָל

טעקסט: הירש גליק

*Moderato*

זאָג ניט קיין - מאָל אַז דו גייסט דעם לעצ - טן

וועג, הימ - לען בלײַ - ע - נע פֿאַר - שטע - לן בלאָ - ע

טעג, קו - מען וועט נאָך אונ - דזער אויס - גע - בענ - קטע

שעה, ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונ - דזער טראָט מיר זײַ - נען

I II Fine

דאָ קו - מען דאָ.

זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג,
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זענען דאָ!

פון גרינעם פּאַלמען־לאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי,
און וווּ געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגן־זון באַגילדן אונדז דעם היינט,
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט,
נאָר אויב פאַרזאַמען וועט די זון און דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל זיין דאָס ליד פון דור צו דור.

דאָס ליד געשריבן איז מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס'איז ניט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי,
דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ, זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
כאָטש הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה —
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט — מיר זענען דאָ!

# דרײַ נייטערנס

טעקסט: י. ל. פּרץ

*Andante*

די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק נישטא,
דער שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שווייס
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און הייס —
עס זיצן דריי מיידלעך און נייען.

די נאָדל — בלאַנק, דער לייוונט — שניי,
און איינע טראַכט: איך ניי און ניי,
איך ניי בייטאָג, איך ניי ביינאַכט,
קיין חופּה־קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס, אַז איך ניי?..

ניט איך שלאף און ניט איך עס...
איך וואלט געגעבן אויף מאיר בעל־נס,
אפשר וואלט ער זיך געמיט;
אַן אלמן כאטש, אַן אַלטער ייד
מיט קינדערלעך אַ שאק.

די צווייטע טראַכט: איך ניי און שטעפּ,
איך שטעפּ מיר אויס נאר גרויע צעפּ!
דער קאָפּ—ער ברענט, אין שלייף—האַקט,
און די מאַשין קלאַפּט צו צום טאַקט:
טאַ־טאַ, טאַ־טאַ, טאַ־טאַ.

איך פאַרשטיי דאך יענעמס ווונק!
אַן אַ חופה, אַן אַ רינג,
וואלט געווען אַ שפּיל, אַ טאַנץ,
אַ ליבע אויף אַ יאָר אַ גאַנץ!
נאר דערנאך, דערנאך?..

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיר קראַנק, איך ניי מיר בלינד,
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדן שטאך...
און ער האט חתונה די וואך!
איך ווינטש ניט קיין שלעכטס.

עט, פאַרגעס וואס אַמאל!..
תכריכים וועט מיר געבן קהל,
אויף אַ קליינטשיק פּיצל ערד,
איך וועל רוען אומגעשטערט,
איך וועל שלאָפן, שלאָפן.

# העמערל

טעקסט - רייזען מוזיק - בערנשטיין

שלאָג - קלאַפּ רל - מע - הע רל - מע - הע אָ

קיין - טשוועק אַ נאָך טשוועק א קער-שטאר

נאָכ - טאָ - ני שוין שטוב אין איז ברויט

קיין - עק און אָן לייד און כות - צ

נאָכ - טאָ - ני שוין שטוב אין איז ברויט

- עק און אָן לייד אין כות צ

א, העמערל, העמערל קלאַפּ.
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק,
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטא,
נאר צרות און לייד אן אַן עק.

א, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
דער זייגער, ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף;
די אויגן זיי מאַכן זיך צו,
גיב כוחות, אוי, גאטעניו העלף.

א, העמערל, העמערל קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך.
ביז מארגן מוז פאַרטיק שוין זיין,
דער גבירהטעס טעכטערלס שיך.

א, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
ניט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס,
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער, אן דיר, גיי איך אויס

# מײַן צוואה.

טעקסט : ד. עדעלשטאַט

*Moderato*

-טראָגט בן - שטאָר װעל איך װען פרײַנט טע - גו אָ

ע-פלײַ די פאָן דזער-און בּר - ק מײַן צו צו

מיט

שפּריצט-בּא בּן - פּאַר טע-כוי מיט פאָן

מאַן ע-פרײַ די מאַן-בעטס-אַר פון בּלוט

1 2

א, גוטע פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קבר אונדזער פאָן, —
די פרייע פאָן מיט רויטע פאַרבן,
באַשפּריצט מיט בלוט פון אַרבעטסמאַן.

און דאָרט, אונטער דער פאָן דער רויטער,
זינגט מיר מיין ליד, מיין פרייע ליד!
מיין ליד „אין קאַמף“, וואָס קלינגט ווי קייטן
פון דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און ייד.

אויך אין מיין קבר וועל איך הערן
מיין פריידיק ליד, מיין שטורעם־ליד,
אויך דאָרט וועל איך פאַרגיסן טרערן
פאַר דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און ייד!

און ווען איך הער די שווערדן קלינגען,
אין לעצטן קאַמף פון בלוט און שמאַרץ —
צום פאָלק וועל איך פון קבר זינגען
און וועל באַגייסטערן זיין האַרץ.

# אין קאמף

טעקסט : ד. עדעלשטאט

*Moderato*

מיר בן - ספרי - גע און האסט-גע רן - ווע מיר

מיר וויל פאר-דער נאָר אלץ און פּאָלגט-פאר און פלאָנט-גע רן - ווע

דע - פן-שטאַנ מע-רע - אָ דאָס בן - לי

פאָלק דע-פן-שטאַנ מע-רע - אָ דאָס פאָלק

מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פאַרפאָלגט,
און אַלץ נאָר דערפאַר, ווייל מיר ליבן
דאָס אָרעמע שמאַכטנדע פאָלק.

מיר ווערן דערשאָסן, געהאָנגען,
מ׳באַרוימט אונדז דאָס לעבן און רעכט,
דערפאַר, ווייל מיר אמת פאַרלאַנגען
און פרייהייט פאַר אָרעמע קנעכט!

נאָך קיינמאָל וועט אונדז נישט דערשרעקן
געפענגעניש און טיראַניי,
מיר מוזן די מענטשהייט דערוועקן
און מאַכן זי גליקלעך און פריי.

שמידט אונדז אין אייזערנע קייטן,
ווי בלוטיקע חיות אונדז רייסט;
איר וועט אונדזער קערפּער נאָר טויטן,
אָבער נישט אונדזער הייליקן גייסט!

איר קענט אונדז דערמאָרדן, טיראַנען!
נייע קעמפער וועט ברענגען די צייט —
און מיר וועלן קעמפן ביז וואַנען
די וועלט וועט שוין ווערן באַפרייט!

# אין דער קוזשניע

אין דער קוזש-ניע ביי דעם פיי - ער

שטייט א שמי-דער און ער שמיד ער קלאפט דאס

אײ - זן פון - קען פײַ - ער שפרי - צן

און ער זינגט דער - בײַ א ליד

אין דער קוזשניע ביי דעם פייער,
שטייט דער שמידער און ער שמידט,
ער קלאַפּט דאס אייזן, פונקען פייער שפריצן,
און ער זינגט דערביי אַ ליד:

פון דער פרייהייט וואס וועט קומען,
זינגט ער מוטיק, זינגט ער הייס,
און ער שפירט ניט, ווי פון אים עס גיסט זיך,
פון זיין שטערן טייכן שווייס.

# אויף די פעלדער

*Moderato*

אויף די פעל-דער ווו ס׳ווי-ען ווינ - טן
אויף די פעל-דער ווו ס׳ווי-ען ווינ - טן אויף די פעל-דער ווו
ס׳ווי-ען ווינ - טן די פוי-ער-טעס זיי סנאַ-פעס בינ - דן

אויף די פעלדער, ווו ס׳ווייען ווינטן,
אויף די פעלדער, ווו ס׳ווייען ווינטן,
אויף די פעלדער, ווו ס׳ווייען ווינטן,
סנאפעס פויערטעס זיי בינדן.

שווערע סנאפעס, פול מיט זאַנגען,
שווערע סנאפעס, פול מיט זאַנגען,
שווערע סנאפעס, פול מיט זאַנגען,
פול מיט מונטערע געזאַנגען.

און די זון, זי ברענט ווי פייער,
און די זון, זי ברענט ווי פייער,
און די זון, זי ברענט ווי פייער,
יעדע שעה איז פאַר אונדז טייער.

ס׳האט דאס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
ס׳האט דאס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
ס׳האט דאס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
פאַר דעם נייעם שיינעם לעבן.

# דער פעטער איטשע

ס'האָט זיך דער פע - טער אי - טשע

אויס - גע - לע - רנט שנײַ - דע - רײַ

אויס - גע - לע - רנט שנײַ - דע - רײַ

מאַכט ער אַל - טע סער - מיאַ - געס

פּונקט ווי שפּאָ - גל נײַ

מאַכט ער אַל - טע סער - מיאַ - געס

פּונקט ווי שפּאָ - גל נײַ - ע

ס׳האט זיך פעטער איטשע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערעמענגעס
פונקט ווי שפּאָגל־נײַ.

קומט ער אין אַ דערפל אָן
מיט זיין נאדל־פאדים;
הענגט ער אַרויס אַ ווײַוועסקע:
„דא פאַרריכט מען בגדים״.

זיצט דער פעטער אויפן טיש
טערקיש, טאַמעוואַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

אויסגעלאַטעוועט דעם דארף,
גייט ער אין אַ צווייטן;
ביז ער לאזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן.

ס׳האט זיך פעטער איטשע... א. אז. וו.

יידן שמידן, זינגען,
זינגען איז דער עיקר;
קלינגען אייזנס, קלינגען,
שפּריצן פונקען שטיקער.

צוזאַנג:
העי, העי, ווייל דעם שמידער
ווייל איז אים און גוט,
זיינע שטאָל־און־אייזן־גלידער
צינדן אונדז דעם מוט.

מענטשן נעבאַך בלינדע
אין דער פינצטער טאַפּן,
דאַרף מען זיי אַצינדער
פּאָדקעוועס צוקלאַפּן.

צוזאַנג:
העי, העי, ווייל דעם שמידער...

צער און צאָרן גליען,
ווילן דווקא פריי זיין,
דאַרף מען איבערשמידן
שווערד אויף אַקעראייזן.

צוזאַנג:
העי, העי, ווייל דעם שמידער...

# דאָס ליד פֿונם ייִדישן קוילן-גרעבער

טעקסט: אלחנן אינדעלמאַן     מוזיק: לעאָן ווײַנער

*Moderato*

*f*

פּן-טאָם צפּעטפּיג - רער אין כּן - דאָ - כי - קאָ פּע - טי צע - שוואר

־קי פּון לן - קו - מוס פּון גען-פּאַן - גע עיד בליץ

אַ לאַמפּ - טן - שאַכ מיר ס'איז קריץ און קלאַפּ פּן - לאָ

לאָף - קי מיין רער-שוועג נאָך און רע-שוועג אַ רע-שוועג

שאַפּס - ליב אויך און בוד - כּ אַ מיר בעט - אַר די ס'איז

בוד - כּ אַ מיר בעט - אַר די ס'איז סוף אַ אָן

סוף אַ אָן שאַפּס - ליב אויך און

שוואַרצע, טיפע קאָרידאָרן.
אין דער פינצטער — לאָמפּן־בליץ,
ערד געפּאַנגען פון מוסקולן,
פון קילאָפּן־קלאַפּ און קריץ.

ס׳איז מיין שאַכטן־לאמפּ אַ שווערע
ס׳איז נאָך שווערער מיין קילאָף.
ס׳איז די אַרבעט מיר אַ כבוד
און אויך ליבשאַפט אָן אַ סוף.

שוואַרצער דימענט אויסגעגראָבן
פינקלט פריידיק און צעגליט,
פרייד־צעפינקלט זענען אויגן
פונם קוילן־גרעבער־ייִד.

שוואַרצע, טיפע קאָרידאָרן.
אויף די רעלסן אין דער ווייט
לויפן רוישיק וואַגאָנעטקעס.
האַסטיק טראָגן אונדזער פרייד.

האַסטיק לויפן זיי און טראָגן
ליכט און וואַרעמקייט דער וועלט.
קוילן־גראָבער, גליק אַ סך גראָבסט
אויס פאַר מענטשן — ביסט אַ העלד!

# מיט מײַן אקער־אײַזן

טעקסט: אלחנן אינדעלמאַן    מוזיק: לעאָן ווײַנער

*Moderato*

זן - אײַ - קער - א מײַן מיט

זן - ווײַ - דער - ווי איך טו

קן - כו - זן - פעל דעם כ'שניד

קנט - טרי - פאר זון פון ערד

כ'ע - פו די ערד פן - כ'ע

לה - או - ג פון ער - ספּור

יה - ח און מענטש כן - פּאַ




מיט מיין אַקער־אייזן ·
טו איך וונדער וויזן:
כ׳שנייד דעם פעלזן־רוקן,
ערד פון זון פאַרטריקנט;
כ׳עפן ערד די פולע —
ס׳טויער פון גאולה,
פאַרן מענטש און חיה —
לעבנס־קראַפט אַ נייע,
כ׳רייס די ווילדע דערנער,
גראָזן, כ׳זיי די קערנער.
אָט דער גרעסטער וונדער:
איינס וועט ווערן הונדערט...
ס׳וואַקסט פון ערד באַשווייסטער
וונדער — שטוינט איר מייסטער! —
ברויט פאַר מענטש און חיה,
לעבנס־קראַפט אַ נייע.

# אַז מען פֿאָרט קיין סעוואַסטאָפּאָל

*Allegro*

אַז מען פֿאָרט קיין סע - ווא - סטאָ - פּאָל איז ניט ווייט פֿון

סימ - פֿע - ראָ - פּאָל דאָר - טן איז א סטאַנ - צי - ע פֿאַ -

ראַן ווער דאַרף זו - כן נ - יע גלי - קן ס'איז א סטאַנ-ציע

אַן אַנ - פּי - קל אין דזשאַנ-קו-יע דזשאַנ דזשאַנ דזשאַנ

הײ דזשאַנ הײ דזשאַנ-קו-יע הײ דזשאַנ-ווי - לי הײ דזשאַנ-קו-יע

הײ דזשאַנ-קו-יע דזשאַנ דזשאַנ דזשאַנ

אַז מען פאָרט קיין סעוואַסטאָפּאָל,
איז ניט ווייט פון סימפעראָפּאָל,
דאָרטן איז אַ סטאַנציע פאַראַן.
ווער דאַרף זוכן נייע גליקן?
ס'איז אַ סטאַנציע אַן אַנטיקל,
אין דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

היי דזשאַן, היי, דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנווילי, היי דזשאַנקויע,
היי דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

ענטפערט יידן אויף מיין קשיה,
ווו'ז? מיין ברודער, ווו'ז? אַבראַשע? —
ס'גייט ביי אים דער טראַקטער ווי אַ באַן.
די מומע לאה ביי דער קאָסילקע,
ביילע ביי דער מאַלאָטילקע,
אין דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

היי, דזשאַן, היי דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנווילי, היי, דזשאַנקויע,
היי דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

ווער זאָגט, אַז יידן קאָנען נאָר האַנדלען,
עסן פעטע יויך מיט מאַנדלען,
נאָר ניט זיין קיין אַרבעטס־מאַן?
דאָס קאָנען זאָגן נאָר די שונאים, —
יידן שפּייט זיי אָן אין פּנים,
טוט אַ קוק אויף דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

היי, דזשאַן, היי דזשאַנקויע,
היי, דזשאַנווילי, היי, דזשאַנקויע,
היי דזשאַנקויע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן.

# א יונג פון די בלאָטעס

וואָס בל - שטי פון - אוי קוק א טוט

ווער בויס-גע עס האָט ווער ווײַט ניט דאָרט שטייט

מיט און ליים מיט עס האָט ווער עס האָט

די פון יונג פער-קע - נא א נײַס - בא גל - צי

פעס - בלאָ

טוט אַ קוק אויפֿן שטיבל, וואָס שטייט דאָרט נישט ווייט —
ווער האט עס געבויט, ווער האט עס?
ווער האָט עס מיט ליים און מיט ציגל באַנייט?
— אַ נאַקעטער יונג פֿון די בלאַטעס.

טוט אַ קוק אויפֿן פערדל, וואס טאַנצט דארט אַליין —
ווער האט עס געשפאַנט, ווער האט עס?
ווער האט עס געמאַכט אַזוי יונג, אַזוי ריין?
— אַ נאַקעטער יונג פֿון די בלאטעס.

טוט אַ קוק אויפֿן ברויט, וואס איז היימיש און פריש —
ווער האט עס פאַרזייט, ווער האט עס?
ווער האט עס פֿון פעלדער געבראַכט אויפֿן טיש?
— אַ נאַקעטער יונג פֿון די בלאַטעס.

# בין איך מיר א שניידערל

*Allegretto*

בין איך מיר אַ שניידערל,
אַ נאָדל קאָן איך נישט האַלטן אין האַנט!
שטעל איך מיר אַרויס אַ וויוועסקע,
אַז איך פֿרעס געוואַנט.
פֿרעגט, וואָס קען איך?
טידל—דידל—דאַם!

אַז איך פרעס, פאַרברען איך,
טידל—דידל—דאַם!
האָט ניט קיין פאַריבל,
האָט ניט קיין פאַריבל,
טידל—דידל—דאַם!

בין איך מיר אַ שרייבערל,
קיין פענע קאָן איך ניט האַלטן אין האַנט!
שטעל איך מיר אַרויס אַ וויוועסקע,
אַז איך האָב טאַלאַנט.
פרעגט, וואָס שרייב איך?
טידל—דידל—דאַם!
פון זיך נחת קלייב איך,
טידל—דידל—דאַם!
האָט ניט קיין פאַריבל,
האָט ניט קיין פאַריבל,
טידל—דידל—דאַם!

בין איך מיר אַ קלעזמערל,
קיין פידל קאָן איך ניט האַלטן אין האַנט!
שטעל איך מיר אַרויס אַ וויוועסקע,
אַז איך שפּיל באַטעמט.
פרעגט, וואָס קען איך?
טידל—דידל—דאַם!
שפּיל איך ניט, איז שענער,
טידל—דידל—דאַם!
האָט ניט קיין פאַריבל,
האָט ניט קיין פאַריבל,
טידל—דידל, טידל—דידל, דאַם!

# פרייע בליקן

טעקסט באארבעט פון מ. גלינסקי     מוזיק: א. זשורער

קע - שפאר קן - בלי ע - פריי

און ווינט פון ברענט - גע ברון דער - גלי

ע - - פרי פן - לי די אויף . זון

- א וועלט די מיר זן - שפריי דער - לי

ער - בוי גע - יוג די מיר כוס -

פרייע בליקן, שטאַרקע גלידער,
ברוין געברענט פון ווינט און זון,
אויף די ליפּן פרייע לידער,
שפּרייזן מיר די וועלט אַרום.
מיר, די יונגע בויער!

„גרייט" און „שטענדיק גרייט" אַנטקעגן
טראָגט זיך דורך דורך וואַלד און פעלד.
ניט געקוקט אויף שטורעם, רעגן, —
אונדז געהערט די ברייטע וועלט,
אונדז, די יונגע בויער!

אַלץ, וואָס יושר, שיין און אמת
שפּראָצט און וואַקסט אין אונדזער ברוסט.
ס'איז אויף ליבע, גליק אַ רמז,
אונדזער וועג איז ציל־באַוווסט.
אונדז, די יונגע בויער!

# מיר גײען מיט לידער

טעקסט: נ. װײסמאן

מוזיק: א. זשורער

- אנט דער - לי מיט ען - גײ מיר

קאַמפּש גן - מאָר דעם גן - קע

גריי אין נאָך טאָג דעם רן - צי - בא לען - נעפ

איז ען - צװײ ות - שו סל - אק צו סל - אק

איז זיי - א אָפּ װעג אין איצט גײן צו דאָק גוט

זיי - א אָפּ װעג אין איצט גײן צו דאָק גוט

מיר גייען מיט לידער אַנטקעגן דעם מאָרגן.
כאַטש נעפּלען באַצירן דעם טאָג נאָך אין גרוי.
אַקסל צו אַקסל, שורות אין צווייען
איז גוט דאָך צו גיין איצט אין וועג אָט אַזוי.
איז גוט דאָך צו גיין איצט אין וועג אָט אַזוי.

מיר גייען אויף וועגן נאָך ערשט וואָס דערוואַכטע
מיר זינגען אַ לויב צו דער זון — און פאַרויס
עס קלינגען אין ווייטקייט פון פעלדער די טענער
פון אונדזערע קרעפטיקע ברוסטן אַרויס.
פון אונדזערע קרעפטיקע ברוסטן אַרויס.

מיר גייען, מיר גייען אויף וועגן באַגראָזטע
מיט זון־געגאָלד באַגאָסן די דערנער און בלוט,
עס גריסן אונדז ליבלעך, ווי אַלטע באַקאַנטע,
די צייטיקע זאַנגען, וואָס שאָקלען זיך פרוס.
די צייטיקע זאַנגען, וואָס שאָקלען זיך פרו:

עס גריסן אונדז פייגל אויף צווייגן באַקרוינטע,
עס גריסט אונדז דער שטויב פון דעם דאָרפישן וועג.
מיר גייען, מיר גייען, מיר מוזן פאַרזייען
דעם טריט פון די קעמפער פאַר בעסערע טעג.
דעם טריט פון די קעמפער פאַר בעסערע טעג.

# מיר זײַנען קינדער זוניקע

טעקסט: מ. לעווין — מוזיק: א. ברודנאָ

- גע קע - ני - זו דער - קינ נען - זיי מיר

בן - לע דזער - און ס'איז קייט און רינג דן - בונד -

מיר פרייד גער - יונ סטער - דריי מיט וועבט - גע - דורכ

איז הויך און נע - לע - שפאָ טע - פעס נען - שפא

- נע - דו און בליק גן - רע און קאָפ דזער - אונ

אָפּ ניט אונדז . קן - שרע זיי כן -

מיר זענען קינדער זוניקע,
געבונדן רינג און קייט.
ס׳איז אונדזער לעבן דורכגעוועבט
מיט דרייסטער יונגער פרייד.

מיר שפּאַנען פעסטע, שטאָלענע,
און הויך איז אונדזער קאָפּ —
און רעגן, בליץ און דונערן —
זיי שרעקן אונדז נישט אָפּ.

ווען ס׳באַקט די זון אין הימל־בלאָ,
ברענט בראָנזיק אונדזער הויט,
אין נעכט אין טונקל־פינצטערע
ברענט אונדזער שייטער רויט.

מיר בויען פאַרן ייד אַ היים,
אין אונדזער אייגן לאַנד,
און ווער עס וואַרט אויף הילף פון אונדז
דעם שטרעקן מיר די האַנט.

# דאָס נײַע ליד

טעקסט : א.רײזען

די זון נאָך ווײַט ווי זאָל און

- צָ פון און בע - לי פון • צײַט

צי פרי צי וועט מען - קו דאָך לום -

- חָ קיין איז עס צײַט די שפּעט

צי פרי צי וועט מען - קו דאָך לום

לום - חָ קיין איז עס צײַט די שפּעט

און זאל ווי ווייט
נאך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום,
דאך קומען וועט,
צי פרי, צי שפעט
די צייט — עס איז קיין חלום.

איך הער דאס ליד
פון ליבע, פריד
פון מעכטיקע געזאַנגען,
און יעדער טאן
פון ליד זאגט אן —
די זון איז אויפגעגאַנגען.

עס עקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט,
פול האפענונג, לוסט און שטרעבן;
איך הער אין לופט,
אַ שטימע רופט
צו מוט און קראַפט און לעבן.

# אויסגעשטעלט אין גלײַכע רײען

טעקסט : ח. מעקלער

ען רײ כע גלײ אין שטעלט גע אויס

ען פײ כע גלײ אין שטעלט גע אויס

ען רײ כע גלײ אין שטעלט גע אויס

ען גײ מיר ווי זעט נאר זעט

ען גײ מיר

אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען,
אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען,
אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען,
זעט נאָר זעט, ווי מיר גייען.

סיי אין שטורעם, סיי אין רעגן,
סיי אין שטורעם, סיי אין רעגן,
סיי אין שטורעם, סיי אין רעגן,
שפּאַנען מיר אויף אַלע וועגן.

היי! מיר, חברה, זענען יונג,
היי! מיר, חברה, זענען יונג,
היי! מיר, חברה, זענען יונג,
גיט אַ נייע ליד אַ זונג!

שטאָלץ און מוט איז אונדזער פּאָן,
שטאָלץ און מוט איז אונדזער פּאָן,
שטאָלץ און מוט איז אונדזער פּאָן,
הילכט אין יעדער אונדזער טאָן.

מיט געווער און מיט כּלי־זיין,
מיט געווער און מיט כּלי־זיין,
מיט געווער און מיט כּלי־זיין,
גייען מיר די וועלט באַפרייען!

# הַזּוֹרְעִים בְּדִמְעָה

טעקסט און מוזיק: מתתיהו ווײַנער

*Allegretto*

בָּא שֶׁם - גְּ שֶׁם - גְּ נֵה - הֵ

שב - ע חַ - מי - הצ בָּה - רְ מו - ע תו - כָ - בר

הָר כָּל עַל מִק - ע כָּל - נ בָּר - דות - וש

עָה - דמ - בְּ עים - זור - הַ עים - זור - ה עים - זור - הַ

רו - צ - יק נָה - ר - בְּ נָה - ר - בְּ נָה - ר - בְּ

הנה גשם! גשם בא!
ברכתי עמי רבה
הצמיח עשב ושדות־בר
בכל עמק! על כל הר.

הזורעים, הזורעים,
הזורעים בדמעה —
ברנה, ברנה, ברנה יקצרו.

שמח לבך, אח ורע,
יש תגמול לזורע,
שמח ביין, הכורם.
פורחת גפן, גפן חן
הזורעים...

בא תורך גם תקוצר,
שמע, הקשב והתבשר
מלאה הגרן אסם רב,
זנב שבלת, ראש זהב.
הזורעים...

גם אתה, רועה הצאן,
בחליל הד ורון,
מרעה דשא, עשב־בר
בכל עמק על כל הר.
הזורעים...

הוי בחור ממושבות יזרעאל,
לך קשה ליבש ולסקל,
הוי בחור ממושבות יזרעאל,
אל תפול, שא בעול ויחל.

חרוכים גם סחופים השדות,
אין מרעה לפרות, לפרדות,
הוי בחור ממושבות יזרעאל,
אל תפול, שא בעול ויחל.

אם אחר גם יורה אף מלקוש —
שוב עמול והפוך וחרוש,
הוי בחור ממושבות יזרעאל,
אל תפול, שא בעול ויחל.

# תֶּחֱזַקְנָה

טעקסט : ח.נ. בִּיאַלִיק

*Maestoso*

תחזקנה ידי כל־אַחינו המחוננים
עפרות ארצנו באשר הם שם;
אל יפל רוחכם־עליזים, מתחוננים
בואו שכם אחד לעזרת העם;

הן סופרים אנחנו את נודכם וחוב‏בים
נפטי הדמעות וזעת האף,
היורדים כטל לישראל ומשובבים
נפשי הנלאה, השומה בכף.

# מ'ר קומען אן

**טעקסט: נחום יוד**

שון - מענ לע - אַ אוף טאַבאַ טוב יוס אַ

מ'ר בערג אויף אַן צ'נד קן - ער - פ״

צו לאנד פון צאַם אַ אַן כלעפּ-שטו מען - קו

מען - קו מ'ר יַם צו יַם פון לאנד

מען-קו מ'ר אַן. מען - קו מ'ר אַן

כעפליין

דער-און בער-ז' און פעטש אן אַן מען-קו מ'ר אַן

מ'ט שטאַט אין דארף פון אַן מען-קו מ'ר שלאַט

צענ-הער מיט הליק מיט און ער - פיי בע - לי

מען - קו מיר גליק נאָך בענקט-גע - אויס

מען - קו מיר אָן מען - קו מיר אָן

מען - קו מיר אָן אָן

מיר קומען אָן!
אַ יום־טוב מאַכט אויף אַלע מעוק
און פייערן צינדט אָן אויף בערג
מיר קומען שטורעמס אָן אַ צאַם,
פון לאַנד צו לאַנד פון ים צו ים.
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

מיר קומען אָן!
און פעסט און זיכער אונדזער טראָט!
מיר קומען אָן פון דאָרף און שטאָט.
מיט ליבע־פייערן אין בליק
מיט הערצער אויסגעבענקט נאָך גליק
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

מיר קומען אָן!
מיר גייען אַלע פעסט און גרייט!
ליכטיק פלאַקערט אונדזער פרייד!
מיר שלאָגן פייער אויס פון שטיין.
און ווער ס׳איז יונג, מוז מיט אונדז גיין!
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!
מיר קומען אָן!

# ס'ברענט

טעקסט און מוזיק: מרדכי געבירטיג

*Andante*

אוי    נט-ס'ברע לעך-דער-ברי נט-ס'ברע

נט-ברע    בעך-נע טל-שטע רעם-אָ דזער-אונ

*un poco accel.*

זן-בלאָ-צע און כן-ברע סן-רײַ זון-גֲ-ר מיט טן-ווינ זע-בײ

*molto rit* *longa*

ברענט אין רום-א 'אלץ מען-פלא דע-ווי-ל די נאָך קער-שטאר

*Moderato*

און

העגט טע-ליג - פאר מיט זיך צו-א קוקט שטייט איר און

*rit.*

און

נט-ברע טל-שטע דזער-אונ זיך צו-א קוקט שטייט איר און

ס׳ברענט! ברידערלעך ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום שוין ברענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך ס׳ברענט!
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
ס׳האָבן שוין די פייער־צונגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען —
און די בייזע ווינטן הודזשען.
ס׳גאַנצע שטעטל ברענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך ס׳ברענט!
אוי עס קאָן חלילה קומען דער מאָמענט:
אונדזער שטאָט מיט אונדז צוזאַמען
זאָל אויף אַש אַוועק אין פלאַמען.
בלייבן זאָל — ווי נאָך אַ שלאַכט,
נאָר פוסטע, שוואַרצע ווענט!

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך —
אונדזער שטעטל ברענט...

ס׳ברענט! ברידערלעך ס׳ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט,
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.

שטייט נישט, ברידער, אָט אַזוי זיך,
מיט פֿאַרלייגטע הענט;
שטייט נישט, ברידער, לעשט דאָס פייער —
אונדזער שטעטל ברענט!

# ציפּ-ליד

טעקסט: נחום יוד מוזיק: ע. טייטעלבוים

*Moderato*

לע - א טער-שיצ-בא-אות דער אום קומט שפּיל

זא - א ציפּ א און פער-איצ נער - בי" א דור א ס׳אינ

זא - א ציפּ א און פער-איצ נער - בי" א דור א ס׳אינ

שטיל קומט אום דער אומבאַשיצטער;
אַלע שווײַגן שאַ...
ס'איז אַ דור אַ בייזער איצטער
און אַ צײַט אַזאַ.

יאָגן כמאַרעס, שוואַרצע כמאַרעס
איבער באַרג און טאָל,
דאָ אַ המן, דאָ אַ פּרעה,
ערגער ווי אַמאָל.

אויך די אייגענע פֿאַרטעטער
צינדן אָן די וועלט,
וועלקט דאָס פֿאָלק אַזוי ווי בלעטער
און ווי היי אין פֿעלד.

זייט נישט אָפּהענטיק אין ווינקל
יעדער מיט זײַן פּײַן,
כּל־זמן ס'טוט אַ פֿונק נאָך פֿינקלען
וועט נאָך ליכטיק זײַן.

נאָר אויב שוין אומקומען איז בעסער
העלדיש צו פֿאַרגיין...
אויסשטרעקן דעם האַלדז צום מעסער, —
ניין, אָ קיינמאָל ניין!

# דאָרט בײַם ברעג פון װעלדל

מוזיק: לעאן װײַנער

*Moderato*

*p* דארט בײם ברעג פון װעל דל שטײט אן אל טער

טער בלע נע די טשען שעפ בוים

דער און טשען שעפ קוים זי הערט מען אז

העלד א [illegible] װי לן צי

און װאלד בער אי לן קוי לן פא עס װען

פעלד

דאָרט ביים ברעג פון וועלדל,
שטייט אַן אַלטער בוים.
שעפּטשען זיינע בלעטער,
אַז מען הערט זיי קוים.
שעפּטשען און דערציילן
ווי עס שטאַרבט אַ העלד,
ווען עס פאַלן קוילן
איבער וואַלד און פעלד.

דאָרט לעבן בוים פון וועלדל
ליגט אַ פּאַרטיזאַן.
בלעטער אים פאַרשטעלן,
ס'איז אַ קראַנץ פאַראַן.
ליגט ער, הערט נישט, זעט נישט,
דוכט זיך שלאָפט אַצינד,
וויגט דער ווינט אַ ווערבע
טוליעט ווי אַ קינד.

איבער אים געבויגן,
די אַלטע מוטער וויינט,
לייד אין אירע אויגן
און דאָס האַרץ פאַרשטיינט:
„איך האָב דיך געבוירן,
זיך מיט דיר געפרייט,
איצט איז אַלץ פאַרלוירן,
ס'קבר דיינס איז גרייט...

קוק אויף מיינע טרערן,
פיל ווי ס'האַרץ טוט וויי.
כ'וועל שוין קיינמאָל הערן,
דיך נישט זען, אַ וויי,
האָסט געהאַט אַ טאַטן,
אויך געווען אַ העלד,
האָבן שטיל אים בלעטער
אויך פאַרוויגט אין פעלד.

# װאַרשע

טעקסט : ש. קאַטשערגינסקי          מוזיק : לעאָן װײנער

*Moderato*

*p*

א אָן ניט קומט טאָג דער און נאכט די ניט שווינדט-ספּאר

א שוין ערד די ווערט קיל גע - טי - בלן

*f*

א פאָן שע - מי - שטור א ווי אויף טערט-פלא ייד

א תים - מ די פון טאָל נעם - אי פאָן

א פאָן שע - מי - שטור א ווי אויף טערט-פלא ייד

תים - מ די פון טאָל נעם - אי פאָן

ס׳פֿאַרשווינדט ניט די נאַכט און דער טאָג קומט ניט אָן,
אַ בלוטיקע קויל ווערט די ערד שוין.
אַ ייד פלאַטערט אויף ווי אַ שטורמישע פאָן,
אַ פאָן אינעם טאָל פון די מתים.

אין חורבות דאָס געטאָ, די יידן — אין שלאַכט,
דער ייד שפרייזט דורך רויך און דורך פלאַמען,
— נקמה! נקמה! — עס שטורעמט די נאַכט, —
פאַר קינדער, פאַר טאַטעס, פאַר מאַמעס!

דער שנײ שיט און שיט און די ערד ווערט ניט ווײס,
עס האַלט נאָך דאָס בלוט אין איין זידן,
עס רופט נאָך נקמה אויף שנײאיקן אײז,
דאָס בלוט פון די העלדישע יידן.

קײן טאָג וועט נישט זײן, — רופט דער ייד — און קײן נאַכט,
מיר וועלן די וועלט ניט פאַרגעבן!
די וועלכע זענען געפאַלן אין שלאַכט,
אײביק אין אונדז וועלן לעבן!

מיר וועלן געדענקען דעם ווײ און דעם מוט,
עס פיבערט אין גלי די נשמה,
קריץ אויס זיך אין האַרצן דרײ ווערטער פון בלוט:
נקמה! נקמה! נקמה!

# איציק וויטנבערג.

טעקסט: ש. קאטשערגינסקי

*Moderato*

דער עט - טײַ - פאר געצ - ער ס'ליגט

דער י ה - ח א ווי פײַנט

מײַן אין וואכט ער זער - מאו·

עס פאָ - סטא - גע צעם - פלו נאר האנט

דורך דטן - שמי - גע א פירט

- מענ - קאָ דעם ניש - צפער - פינ

I II

דאנט נאָר ד'אנט -

ס׳ליגט ערגעץ פּאַרטייעט
דער פּיינט ווי אַ חיה ,
דער מאַוזער ער וואַכט אין מיין האַנט,
נאָר פּלוצים — געסטאַפּאָ
עס פירט אַ געשמידטן
דורך פינצטערניש דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט האָט מיט בליצן
דאָס געטאָ צעריסן,
„געפאַר״־שרייט אַ טויער אַ וואַנט.
חברים געטרייע
פון קייטן באַפרייען, —
פאַרשווינדן מיט דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט איז פאַרפלויגן,
דער טויט פאַר די אויגן,
דאָס געטאָ עס פיבערט אין בראַנד .
אין אומרו דאָס געטאָ,
עס דו אָט די געשטאַפּאָ:
„טויט, — אָדער דעם קאָמענדאַנט!״

געזאָגט האָט דאַן איציק —
און דורך ווי אַ בליץ איז —
„איך וויל נישט איר זאָלט צוליב מיר
דאַרפן דאָס לעבן
דעם שונא אָפּגעבן״...
צום טויט גייט שטאָלץ דער קאָמאַנדיר!

ליגט ווידער פאַרטייעט
דער פּיינט ווי אַ חיה,
וואַכסט ווידער מיין מאַוזער אין האַנט,
איצט ביסטו מיר טייער,
זיי דו מיין באַפרייער.
זיי דו איצטער מיין קאָמענדאַנט!

איציק וויטנבערג — אין דער נאַכט פון דעם 16 יולי 1943, האָט די געס־טאַפּאָ אַרעסטירט דעם קאָמענדאַנט (ווי ס׳האָבן גערופן די קעמפער זייער קאָמאַנ־דיר פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ) איציק וויטנבערג. עט־לעכע קעמפער זענען באַפאַלן די געסטאַפּאָ־וואַך, איבערגעזעגט די קייטן און באַפרייט דעם אַרעסטירטן. אויף מאָרגן האָט געסטאַפּאָ געפאָדערט אַ לעבעדיקן וויטנבערגן, אָדער דער געטאָ וועט ווערן אומגעבראַכט.

כאָטש וויטנבערג האָט געוווסט, אַז דער געטאָ וועט סײַווי ליקווידירט ווערן און אַז זײַן אַרעסט איז בלויז אַן אויסרייד, האָט ער דאָך, כדי נישט אַרויס־צורופן קיין אומסימפּאַטיע פון די יידן צו די געטאָ־פּאַרטיזאַנער, וועמענס ציל עס איז דאָך געווען ביים ענדגילטיקן ווידערשטאַנד מיטצוציען מיט זיך וואָס מער יידן, זיך איבערגעגעבן פרייוויליק דער געסטאַפּאָ.

אין די פּייניקונגס־קאַמערן איז ער ווי אַ העלד אומגעקומען, דעם 18־טן יולי, 1943.

# פארטיזאנער-ליבע

טעקסט: י. קאָטלער  מוזיק: ע. טייטעלבוים

בײַם דאָ זיך מיר פן - פרע ריאָן - מא בע - לי הײַנט

די נעם ווער וואָס דער - אי" און נאָן - קא פון כאנד

מיט טל-מאו דעם אָן טון צעפ נע - דײַ אָפּ שער שער

- א נעם קויש א גיב קנעפ קע-דאטס-סאָל די

נע-נאָ-קא דער אויף קום און ביקס די כאפּ רום -

נע - נאָ-קא דער טער-און נען-גע-גע-בא זיך מיר לן - ווע

נען - גע - זע - גע זיך מיר לן - ווע

סן - שי און כן - נע - דו וועלן קויל צו קויל
שן - קו - צע זיק כן - ווע ביקס צו ביקס
נע - נאָ - קאַ דער אויף נע - נאָ - קאַ דער אויף
ביקס צו ביקס

הײנט ליבע מאַריאָן,
טרעפן מיר זיך בײם ואַנד פון קאַנאָן,
און אײדער װאָס־װער,
נעם די שער,
שער אָפּ דײַנע צעפּ,
טו אָן דעם מאַנטל מיט די טאָלדאַטסקע קנעפּ.
גיב אַ קוש, נעם אַרום,
כאַפּ די ביקס און קום.

**רעפריין:**

אויף דער קאַנאָנע וועלן מיר זיך באַגעגענען,
אונטער דער קאַנאָנע וועלן מיר זיך געזעגענען,
קויל צו קויל וועלן דונערן און שיסן,
ביקס צו ביקס וועלן זיך צעקושן.
אויף דער קאַנאָנע,
אויף דער קאַנאָנע,
ביקס צו ביקס.

פאַרנעם דיין אָרט
אין דער ערשטער ריי,
מיט דיינע בלויע אויגן
אין אונדזער אַרמיי,
האַרץ צו האַרץ
און פייער צו פייער,
מיט פרייד פון אונדזער ליבע
די סאָוויעטן צושטייער.

**רעפריין:**

אויף דער קאַנאָנע...

און ווען דו געפינסט מיך
אַ טויטן אַזוי אין דעם שניי
אַ טויטן באַדעקט מיט אַ בינטעלע היי,
דאַן זאָלסטו נישט מאַכן
קיין ווייבעריש געשריי,
נאָר זאָלסט נעמען אַ צווייטן
פון דער רויטער אַרמיי.

**רעפריין:**

אויף דער קאַנאָנע...

# צו אײנס צװײ דרײַ

טעקסט: ל. ראָזענטאַל

*Moderato*

דאָס פּן - כו - גע בן - לע דאָס אונדז האָט עס

האָט טעג קע - ני - זו אויף בן - לע

-בא און שפּאַנט-גע טער-מוז זו - א לאַנד אין דער - יע

צו וועג אין גען - גאַנ - גע דער - זונ -

אויף דרײַ צװײ אײנס צו דרײַ צװײ אײנס

דער - יע לאָזט - גע זיך וועג און בעט - אר

די וועג זאַגט - גע זײַן וועג דע - יע קלאַנג זײַן האָט טראָט




עס האָט אונדז דאָס לעבן גערופן,
דאָס לעבן פון זוניקע טעג,
האָט יעדער אין לאַנד אַזוי מונטער געשפּאַנט
און באַזונדער געגאַנגען אין וועג.
צו איינס, צוויי, דריי, —
צו איינס, צוויי, דריי,
אויף אַרבעט אין וועג זיך געלאָזט,
יעדער טראָט האָט זיין קלאַנג,
יעדער וועג זיין געזאַנג,
ווען די גייסט, און די ווייסט און פאַרוואָס?

איצט איז פאַר אונדז פאַרווערט טראָטוארן,
כאָטש אַנדערע גייען דאָרט פריי,
און מיר, טוט אַ קוק
אויפן שטיינערנעם ברוק,
אונטער אייזערנע קלעפּ פון נאַגיי.
צו איינס, צוויי, דריי,
צו איינס, צוויי, דריי,
דעם ברוק האָט מען אונז נאָר געלאָזט
האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג
גאָר אַן אַנדער געזאַנג,
ווען די גייסט און די ווייסט נישט פאַרוואָס?

עס האָבן אַלטע און יונגע
דאָס לעבן געבויט און געהאָפט,

ביז עס האָט אַזאַ שווערד
אַלץ פאַרוויסט פון דער ערד
און געפירט האָט מען אונדז ווי די שאָף.
צו איינס, צוויי, דריי,
צו איינס, צוויי, דריי,
אַזוי ווי די שאָף זיך געלאָזט,
ווו דיין פרוי, און דיין קינד
און דאָס גאַנצע געזינד,
האָבן געפרעגט וווהין און פאַרוואָס?

נאָר ברודער אַן אַנדערער ויטס
וועט באַלד צו דיין אויער דערגיין,
און די וואָס פאַר שרעק
געוועןערשט פאַרשטעקט
שפאַנען מיט אונז
נישט אַליין.
צו איינס, צוויי, דריי,
צו איינס, צוויי, דריי,
די געסלעך, דעם 'טויער פאַרלאָזט!
ס'האָט דער טראָט אַזאַ קלאַנג
גאָר אַן אַנדער געזאַנג,
ווען דו גייסט, און דו ווייסט שוין פאַרוואָס?

# יוגנט - הימן

טעקסט : ש.קאַטשערגינסקי

מוזיק : באַסיע רובין

*Moderato*

מיט פול איז ליד דער - און

טער - מון דער - און איז דרייסט ער - פרוי

ביים וואכט נא - שו דער האַמעש גאנג

- גע מיט גנט - י רעמפ - שטו ער - טוי

עס וועד דער-יע דער - יע דער - יע איז יונג זנאנג -

- בא קיין בן - האָ כן - יאָ נאָר וויל

זיין אויך נען - קע נען - קע נען - קע טע - אל דייט -




אונדזער ליד איז פֿול מיט טרויער, —
דרייסט איז אונדזער מונטער־גאַנג,
כאָטש דער שונא וואַכט ביים טויער, —
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג:

**רעפֿריין:**

יונג איז יעדער, יעדער, יעדער, ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַטייט,
אַלטע קענען, קענען, קענען אויך זיין קינדער
פֿון אַ נייע פֿרייע צייט.

ווער עס וואַגלט אום אויף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט ס'שטעלט זיין פֿוס,
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פֿונעם געטאָ אַ גרוס.

**רעפֿריין:**

יונג איז יעדער...

מיר געדענקען אַלע שונאים
מיר געדענקען אַלע פריינט
אייביק וועלן מיר דערמאָנען,
אונדזער נעכטן מיטן היינט.

**רעפריין:**

יונג איז יעדער...

קלויבן מיר צונויף די גלידער
ווידער שטאַלן מיר די ריי.
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי!

**רעפריין:**

יונג איז יעדער...

דאָס ליד איז געווידמעט געווען דעם קינדער און יוגנט קלוב אין ווילנער געטאָ. אויף אַלע פאַראַנשטאַלטונגען פון קלוב פלעגט דער יוגנט־כאָר אויספירן דעם הימן זייערן. דער עולם אין זאַל פלעגט זיך אויפשטעלן.

# טרויער פּאַסט ניִשט אונדזער פּנים

טעקסט : איציק פעפער  מוזיק: ע. טייטעלבוים

*Moderato*

נים - פּ דזער - אונ נישט פאסט ער - טרוי

פ״נט - פאר און בערט - עק מעט - או

נאם - שו נען - ווי לן - זאָ ען - ווי

פרײַנט נע - מײַ כן - לא מיר - לאָ

כן - לא מיר - לאָ כן - לא מיר - לאָ

פרײַנט נע - מײ

טרויער פאַסט נישט אונדזער פּנים,
אומעט עגבערט און פאַרפיינט,
וויינען? זאָלן וויינען שונאים,
לאָמיר לאַכן, מיינע פריינט.
לאָמיר לאַכן, לאָמיר לאַכן, מיינע פריינט!

אין דעם בלוטיקן געראַנגל,
אין דער זוניקייט פון מי,
וווּ די קויל קען נישט דערלאַנגען —
דער געלעכטער טוט אַ ברי.
דער געלעכטער, דער געלעכטער טוט אַ ברי!

הערט ווי אַלטע וועלטן קראַכן,
ווי עס קומט אויף זיי די נאַכט, —
לאָמיר לאַכן, לאָמיר לאַכן —
דער געלעכטער העלפט אין שלאַכט,
דער געלעכטער, דער געלעכטער העלפט אין שלאַכט!

טרויער? — פאַסט נישט אונדזער פּנים,
אומעט? — עגבערט און פאַרפיינט,
וויינען? — זאָלן וויינען שונאים,
לאָמיר לאַכן, מיינע פריינט.
לאָמיר לאַכן, מיינע פריינט!

נצדה באון
רגל ברגל,
נשא בגאון
שלנו הדגל;
נצעדה קדימה
כתף אל כתף,
נסתערה פנימה
אל לב האויב.

דגלנו־נקם
נשא ברמה,
זהו צו העם
וזאת השבועה.

נכה, לא נחמל,
נעקר את הרשע;
כמעשיהם נגמל,
נשים קץ לפשע.
נרימה דגלנו
למעט הפלטה;
נבשר לעמנו
את בוא הגאלה.

# ייד דו פארטיזאנער

טעקסט : ש. קאטשערגינסקי

*Moderato*

ווענט - סָה - תפי טאָ - גע די פון

ע - פריי דער - װעל די אין

הענט די אויף פון - קיי שטאָט - אָר

עם - ני א ביקס א כ'האלט

פרייַנט מײַן בעס - גאַ - אויף די אויף

קסל - א און האלדז מיר קושט

הײַנט פון נישט כ'בין ביקס טון - מי




פון די געטאָס תפילה־ווענט
אין די וועלדער פרייע,
אָנשטאָט קייטן אויף די הענט
כ׳האַלט אַ ביקס אַ נייעם.
אויף די אויפגאַבעס, מיין פריינט,
קושט מיר האַלדז און אַקסל,
מיטן ביקס כ׳בין נישט פון היינט,
פעסט צונויפגעוואַקסן.

וויניק זענען מיר אין צאָל,
דרייסטע, ווי מיליאָנען,
רייסן מיר אויף באַרג און טאָל,
בריקן, עשאַלאָנען.
דער פאַשיסט פאַרציטערט ווערט,
ווייסט נישט — ווו פונוואַנען —
שטורמען ווי פון אונטער ערד —
יידן־פאַרטיזאַנער.

ס׳וואָרט „נקמה״ האָט אַ זין,
ווען מיט בלוט פאַרשרייבט אים,
פאַר דעם הייליקן באַגין
פירן מיר די שטרייטן.
ניין, מיר וועלן קיינמאָל נישט זיין
לעצטע מאָהיקאַנער.
ס׳ברענגט דער נאַכט — די זונענשיין,
דער ייד — דער פאַרטיזאַנער.

# שפּיל די נאַכט איז אויסגעשטערנט

*Moderato*

שפּיל די נאַכט איז אויס - גע - . שטע - - - רנט

אין דער פראָסט האָט שמאָרק - ברענט גע צו גע-

- דענק - סטו ווי איך האָב דיק גע - לע - - - רנט צו

האַל - פון א שפּיי-ער אין דער האַנט צו גע - האַנט

שטיל די נאַכט איז אויסגעשטערנט
און דער פראָסט עס האָט געברענט,
צי געדענקסטו ווי איך האָב דיך געלערנט —
האַלטן אַ שפּייער אין די הענט.

אַ מויד, אַ פעלצל און אַ בערעט,
און האַלט אין האַנט פעסט אַ נאַגאַן,
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענעם פּנים
היט אָפּ דעם שונאס קאַראַוואַן.

געצילט, געשאָסן און געטראָפן
האָט איר קליינינקער פּיסטויל;
אַן אויטאָ אַ פולינקן מיט וואָפן,
פאַרהאַלטן האָט זי מיט איין קויל.

פאַרטאָג פון וואַלד אַרויסגעקראָכן,
מיט שניי־גירלאַנדן אויף די האָר,
געמוטיקט פון קליינינקן נצחון,
פאַר אונדזער נייעם, פרייען דור.

טעקסט — הירש גליק.

**שטיל די נאַכט...** — געשריבן נאָך דעם ערשטן דיווערסיע־אַקט פון די פּאַרטיזאַנער פון וויג איציק מאַצקעוויטש און וויטקע קעמפּנער, וועלכע האָבן הינטער ווילנע אין 1942 אויפגעריסן אַ דייטשן עשאַלאָן.

# פארטיזאנער-מארש

טעקסט : ש. קאטשערגינסקי

*mf*

דער סן - ווי מיר שווער איז וועג דער

- טי - פּאר א שפּיל קיין לייכט ניט קאמף

כן - פּא שלאכט אין לייגט בן - לע זיין זאן -

העי ציל הייטס-פרייַ סן - גרוי

דאָ נען - זייַ מיר אָ - פּע - עפּ

טי - פּאר שלאכט צום סטע-דרײַ און קע - טי - מי

נעם-אי פייַנט דעם גן - שלאָ ען - גיי הײַנט נאָך ער - זא




דער וועג איז שווער מיר ווייסן,
דער קאַמף נישט לייכט, קיין שפּיל.
אַ פּאַרטיזאַן זיין לעבן לייגט אין שלאַכט,
פאַרן גרויסן פרייהייטס־ציל!

**רעפריין:**

— העי פ. פ. אָ.!
— מיר זענען דאָ!
מוטיק און דרייסטע צום שלאַכט.
פּאַרטיזאַנער נאָך היינט
גייען שלאָגן דעם פיינט,
אינעם קאַמף פאַר אַן אַרבעטער־מאַכט.

עס זענען פעסט די גלידער,
געמוסקלט אין שטאָל און אין בליי,
מיר גייען בלויז היינט פון דעם געטאָ אַרויס —
כדי מאָרגן אייך צו ברענגען די פריי!

**רעפריין:**

— העי פ. פ. אָ.!

ביים בלוט פון שוועסטער, ברידער,
מיר שווערן צו קעמפן ביז וואַן —
מיט היטלערס יעדער גליד באַפּוצט וועט זיין,
די וואָפן פון פּאַרטיזאַן.

**רעפריין:**

— העי פ. פ. אָ.!

געשריבן געוואָרן צום אַרויסגיין אין וואַלד פון דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע פון וויג .א. נ. פון איציק וויטנבערג אין אויגוסט 1943. פ. פ. אָ. — די ראשי תיבות פון דער „פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע" אין ווילנער געטאָ.

# עס שלאָגט די שעה

טעקסט : כ.ברוידאָ

*Moderato*

מיר שעה די שלאָגט עס

די אין קן - קו מיר דאָ נען - זײַ

מל - הי דער סווערט טן - ווײַ

ע - נײַ מען - סקו בלאָ דער - ווי

איז ווײַל - דער כאַפּט און טן - צײַ

- גע מיר טן - וואר שטאָק צטער - פּין

טאָג דער סקומט דיק - דול -

סאיז ווער. דער פאלט דאן שעה די ס'שלאָגט

דיק - שול

עס שלאָגט די שעה,
מיר זענען דאָ,
מיר קוקן אין די ווייטן,
ס'ווערט דער הימל ווידער בלאָ,
ס'קומען נייע צייטן.
און כאָטש דערווייל איז פינצטער שטאָק,
וואַרטן מיר געדולדיק,
עס קומט דער טאָג, עס שלאָגט די שעה,
דאַן פאַלט דער, וועד ס'איז שולדיק.

# אונטער דײַנע ווײַסע שטערן

טעקסט: א. סוצקעווער

מוזיק: א. ברודנאַ

*Moderato*

און - טער דײַ - נע ווײַ - סע שטע - רן

שטרעק צו מיר דײַן ווײַ - סע האנט

מײַ - נע ווער - טער זײַ - נען טרע - רן

ווי - לן רו - ען אין דײַן האנט

זע עס טונ - קלט זײַ ער פינ - קל

אין דײַן קע - לער - די - קן בליק

אין איך האָב גאָר נישט קײַן ווינ - קל

ריק - צו דיר קען - שען צו זי״

קל - ווינ קיין נישט - גאָר האָב איך און

ריק - צו דיר קען - שען צו זי״

אונטער דיינע ווייסע שטערן,
שטרעק צו מיר דיין ווייסע האַנט,
מיינע ווערטער זענען טרערן
ווילן רוען אין דיין האַנט.
זע, עס טונקלט זייער פינקל
אין דיין קעלערדיקן בליק,
און איך האָב גאָרנישט קיין ווינקל
זיי צו שענקען דיר צוריק.

און איך וויל דאָך, גאָט מיין טרייער,
דיר פאַרטרויען מיין פאַרמעג,
אין מיין האַרצן ברענט אַ פייער
און אין פייער מיינע טעג.
איבער קעלערן, אין לעכער
ווײנט די מעו־דעריִשע רו.
לויף איך העכער, איבער דעכער
און איך זוך — וווּ ביסטו, וווּ?

נעמען יאָגן מיך משונה
טרעפּ און הויפן מיט געוווי,
הענג איך אַ געפּלאַצטע סטרונע
און איך זינג צו דיר אַזוי:
אונטער דיינע ווייסע שטערן
שטרעק צו מיר דיין ווייסע האַנט,
מיינע ווערטער — זענען טרערן
ווילן רוען אין דיין האַנט.

# שטילער, שטילער.

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי     מוזיק: אַ. וואָלקאָוויסקי

*Andantino*

גן - שווײַ מיר - לאָ לער - שטי לער - שטי

-פּאַר די בן - ס'האָ דאָ קסן - וואַ רים - קבֿ

בלאָ צו זיי נען - גרי נאָים - שו די פּלאַנצט -

צו נאַר - פּאָ צו גן - ווע רן - ס'פֿי

טע - טאַ דער איז ריק צו וועג קיין ס'פֿירט

גליק דאָס אים מיט און נדן - שווו - פֿאַר וו

*Piu mosso*

צאַ - אַ ניט וויין מײַנס קינד לער שטי

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן
קברים וואַקסן דאָ.
ס׳האָבן זיי פאַרפלאַנצט די שונאים
גרינען זיי צום בלאָ,
ס׳פירן וועגן צו פאַנאַר צו
ס׳פירט קיין וועג צוריק,
איז דער טאַטע ווו פאַרשוווּנדן
און מיט אים דאָס גליק.
שטילער קינד מיינס, וויין ניט אוצר,
ס׳העלפט ניט קיין געוויין.
אונדזער אומגליק וועלן שונאים
סיי־ווי נישט פאַרשטיין.
ס׳האָבן ברעגעס אויך די ימען,
ס׳האָבן תפיסות אויכעט צאַמען,
נאָר צו אונדזער פּיין
קיין ביסל שיין.
קיין ביסל שיין.

פרילינג אויפן לאַנד געקומען, —
און אונדז האַרבסט געבראַכט.
איז דער טאָג היינט פול מיט בלומען, —
אונדז זעט נאָר די נאַכט.
גאָלדיקט שוין דער האַרבסט אויף שטאַמען, —
בליט אין אונדז דער צער, —
בלייבט פאַריתומט ווו אַ מאַמע.
ס׳קינד גייט אויף פאַנאַר.
ווי די ווילי̇ע אַ געשמידטע —
ט׳אויך געיאָכט אין פּיין —
ציען קריעס אייז דורך ליטע
איצט אין ים אַריין.
ס׳ווערט דער חושך ווו צערונען,
פון דער פינצטער לייכטן זונען,
רייטער קום געשווינד

דיך רופט דיין קינד.
דיך רופט דיין קינד!

שטילער, שטילער, ס׳קוועלן קוואַלן
אונדז אין האַרץ אַרום;
ביז דער טויער וועט ניט פאַלן
זיין מיר מוזן שטום.
פריי ניט קינד זיך, ס׳איז דיין שמייכל
איצט פאַר אונדז פאַראַט.
זען דעם פרילינג זאָל דער שונא
ווי אין האַרבסט אַ בלאַט.
זאָל דער קוואַל זיך רואיק פליסן
שטילער זיי און האָף...
מיט דער פרייהייט קומט דער טאַטע,
שלאָף זשע, קינד מיין, שלאָף.
ווי די ווילִיע אַ באַפרייטע,
ווי די ביימער גרין־באַנייטע
לייכט באַלד פרייהייטס־ליכט,
אויף דיין געזיכט!
אויף דיין געזיכט!

**צו דעם מוזיקאַלישן קאָנקורס, וואָס עס האָט אויסגעשריבן דער יודנראַט אין ווילנער געטאָ (אַפּריל 1943) האָט דער 11־יאָריקער זון פון ד״ר מעד. נח וואָלקאָווסקי (דערמאָרדעט געוואָרן אין עסטלאַנד), אַלעקסאַנדער, צוגעשטעלט די קאָמפּאָזיציע צום דאָזיקן טעקסט.**

# ישראליק

טעקסט : ל. ראָזענטאַל　　　　　מוזיק : ניזע גערשטיין
























נו קויפט זשע פאַפּיראָסן,
נו קויפט זשע סאַכאַרין,
געוואָרן איז היינט סחורה ביליק ווערט.
אַ לעבן פאַר אַ גראָשן,
אַ פּרוטה — אַ פאַרדינסט —
פון געטאָ־הענדלער האָט איר דאָך געהערט.

רעפריין:

כ׳הייס ישראליק,
איך בין דאָס קינד פון געטאָ,
כ׳הייס ישראליק,
אַ הפקרדיקער יונג.
כאָטש פאַרבליבן גאָלע, נעטא
דערלאַנג איך אַלץ נאָך,
אַ סווישטשע און אַ זונג!

אַ מאַנטל אָן אַ קראַגן
תחתונים פון אַ זאַק
קאַלאָשן האָב איך — ס׳פעלן נאָר די שיך.
און ווער עס וועט נאָר וואַגן
צו לאַכן, אוי, אַ סך
דעם וועל איך נאָר באַווייזן ווער איך בין!

רעפריין:

כ׳הייס ישראליק...

נישט מיינט מיך האָט געבוירן
די הפקרדיקע גאַס —
ביי טאַטע־מאַמע אויך געווען אַ קינד.
כ׳האָב ביידן אָנגעווירן
נישט מיינט: עס איז אַ שפּאַס.
כ׳בין געבליבן, ווי אין פעלד דער ווינט.

רעפריין:

כ׳הייס ישראליק,
נאָר ווען קיינער זעט נישט
וויש איך שטיל זיך
פון אויג אַראָפּ אַ טרער.
נאָר פון מיין טרויער —
בעסער אַז מען רעדט נישט,
צו וואָס דערמאָנען
און מאַכן ס׳האַרץ זיך שווער.

# א יידיש קינד

טעקסט: חנה חײַטין

אַ אין ווייט פל - דער וויש - ליט א אין

קן - קו גרויס קיין נישט צטער-פען אַ דורך זייט: א אין בל - שטי

קעפ סן-פלאק מיט לעך-גע - יינ רויס - א לעך-דער - קינ

די מיט דאָרט מען - זא - צו און צעפ דע-בלאָנ מיט לעך-דע - מיי

צווי צע - שוואר גן - אוי קן - קו

אין אַ ליטוויש דערפל ווייט,
אין אַ שטיבל, אין אַ זייט,
דורך אַ פענצטער ניט קיין גרויס,
קוקן קינדערלעך אַרויס:
ייִנגעלעך מיט פלאַקסן קעפ,
מיידעלעך מיט בלאָנדע צעפ,
און צוזאַמען דאָרט מיט זיי
קוקן אויגן שוואַרצע צוויי.
שוואַרצע אויגן פול מיט חן
און אַ נעזעלע אַ קליין,

ליפעלעך צום קושן נאָר,
שטאַרק געגלעקטע שוואַרצע האָר.
די מאַמע האָט אים דאָ געבראַכט
איינגעוויקלט שפּעט ביינאַכט,
געקושט אים שטאַרק,
געוויינט, געקלאָגט
און שטילערהייט צו אים געזאָגט:

„פון היינט, מיין קינד, איז דאָ דיין אָרט,
געדענק דיין מאַמעס לעצטע וואָרט!
ס'איז דיין לעבן אין געפאַר,
איך באַהאַלט דיך דאָ דערפאַר.
מיט די קינדער שפּיל זיך פיין,
זאָלסט שטיל, געהאָרכזאַם, רואיק זיין!
קיין יידיש וואָרט, קיין יידיש ליד,
פון היינט, מיין קינד, ביסטו קיין ייד.

דאָס קינד געבעטן זיך ביי איר:
„איך וויל, מאַמע, זיין מיט דיר,
לאָז ניט איבער מיך אַליין" —
עס האָט געציטערט אין געוויין.
זי האָט אים צוגעזאָגט אַ סך
ניט געהאָלפן קיין שום זאַך,
ער האָט געשריען „ניין און ניין,
איך וויל ניט בלייבן דאָ אַליין".

אויפן האַנט גענומען אים
און מיט אַ ציטערדיקער שטים,
ווי אַמאָל אין שטוב ביי זיך,
איינגעשלעפערט אים אויף גיך.
מיט רויטע אויגן פון געוויין
געקושט זיין קעפּעלע, דאָס קליין,
עקושט אים מיט אַ האַרץ פול שרעק,
אַליין געלאָזן און אַוועק.

אַ קעלט אין דרויסן און אַ ווינט,
אַ שטימע הערט זיך: — „אוי מיין קינד,
געלאָזן דיך אויף פרעמדע הענט,
אַנדערש האָב איך ניט געקענט.
עס גייט אַ מאַמע מיט זיך רעדט,
אין דרויסן שרעקלעך קאַלט און שפעט,
עס ווייעט אין פנים איר דער ווינט —
„האָב גאָט רחמנות אויף מיין קינד!"

אַ פרעמדע שטוב מיט מענטשן פיל,
ער גייט אַרום זיך פרעמד און שטיל;
רעדט נישט, וויינט נישט, וויל קיין זאַך,
זעלטן ווען ער גיט אַ לאַך.
פרעמד פאַר אים איז יעדע שטים,
פרעמד די שפּראַך — מען רעדט צו אים —
זיין נאָמען „וואַסיוק" אויך אים פרעמד,
זיין קינדערש הערצל שטאַרק פאַרקלעמט.

אַ מאַמעס האַרץ פילט גאַנץ גוט,
זי רוט ניט איין קיין איין מינוט,
זי פילט דאָס האַרץ, עס גייט איר אויס,
זייט יאָסעלע איז פון שטוב אַרויס.
צו משה'ס מאַמען איז זי גלייך
אַזוי ווי משה'ן אויפן טייך —
עלנט, איינזאַם, אויפן ווינט,
האָט זי געלאָזן אויך איר קינד.

אַ יידיש קינד — **דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן נאָך דער שווידערלעכער שחיטה אויף קינדער אין די געטאָס און קאָנצ־לאַגערן פון ליטע (מערץ 1943). אַ טייל קינדער האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון די מערדער אין באַהעלטע־נישן. אַנדערע מאַמעס האָבן זייערע קינדער אַרויסגעשמוגלט דורכן געטאָ און זיי איבערגעבן צו באַקאַנטע נישט־יידן. ס'פלעגט אויך טרעפן, אַז מאַמעס פלעגן אַרויסגנבענען זייערע קינדער פון די געטאָס און אונטערוואַרפן לעבן אַ ניט יידיש הויז און זיי איבערלאָזן אויף גאָטס און לייטס באַראָט.**

**די אויטאָרן האָט זיך געראַטעוועט פון אַ דייטשן קאָנצ־לאַגער.**

# מאך צו די אויגעלעך

טעקסט: י. שפּיגעל          מוזיק: ד. בייגעלמאַן

לעך - גע - אוי די צו מאך

לעך - גע - פּי מען - קו אָט

כום - א דאָ זן - קרי און

וויג דיין פון פּנס - קאָ - צו

האַנט דער אין קל - פּע דאָס

בכאַנד און אַש אין הויז דאָס

גליק כן - דן קינד מיין זיך זן - לאָ מיר

מאַך צו די אויגעלעך,
אָט קומען פייגעלעך,
און קרייזן דאָ אַרום
צוקאָפּנס פון דיין וויג.
דאָס קעפּל אין דער האַנט
דאָס הויז אין אַש און בראַנד,
מיר לאָזן זיך מיין קינד
זוכן גליק.

די וועלט האָט גאָט פאַרמאַכט
און אומעטום איז נאַכט,
זי וואַרט אויף אונדז
מיט שוידער און מיט שרעק.
מיר שטייעןביידע דאָ
אין שווערער, שווערער שעה
און ווייסן ניט וווהין
ס'פירט דער וועג.

רעפריין:
מאַך צו די אויגעלעך...

מען האָט אונדז נאַקעט בלויז
פאַריאָגט פון אונדזער הויז,
אין פינצטערניש
געטריבן אונדז אין פעלד,
און שטורעם, האָגל, ווינט
האָט אונדז באַגלייט מיין קינד,
באַגלייט אונדז אינם אָפּגרונט
פון דער וועלט.

רעפריין:
מאַך צו די אויגעלעך...

דאָס וויג־ליד פון י. שפּיגעל איז געשריבן געוואָרן נאָכן טויט פון דיכטערס טעכטערל עווא. צוערשט איז דאָס ליד אויסגעפירט געוואָרן דורך דער זינגערין אַלאַ דיאַמאַנט (זיך געראַטעוועט), אויף דער עפנונג פון א. ג. „קולטור־הויז" אין לאָדזשער געטאָ. דעם לאָדזשער יודענעלטסטן ח. רומקאָווסקין איז אָבער דאָס ליד ניט געפעלן געוואָרן, (צוליב דעם וואָס דאָס ליד האָט אַזוי אָפן געשריבן וועגן יידישן אומגליק און דייטשן טעראָר), און האָט פאַרווערט עס ווייטער אויסצופירן, דראָענדיק דעם דיכטער מיט רעפּרעסיעס. די יידן האָבן אָבער זייער פיין אין די לידער דאָך אויסגעזונגען.

# דאָס עלנטע קינד

טעקסט: ש. קאטשערגינסקי      מוזיק: קרימסקי

*Andantino*

ס׳יאָגט מיך ווער ס׳יאָגט און לאָזט ניט צו - רו אָ

מא - מע מיין מא - מע - לע ווו בי - סטו ווו עס

זוכט דיך דיין שָ - רה - לע ס׳רופט דיך דיין קינד עס

יאָ - מערט און וואָ - יעט אין פעלד אים דער ווינט עס

זוכט דיך דיין שָ - רה - לע ס׳רופט דיך דיין קינד עס

יאָ - מערט און וואָ - יעט אין פעלד אים דער ווינט

„ס׳יאָגט מיך ווער, ס׳יאָגט,
און לאָזט ניט צורו,
אָ מאַמע, מיין מאַמעלע
ווו ביסטו, ווו?
עס זוכט דיך דיין שרהלע,

ס׳רופט דיך דיין קינד״...
ס׳יאָמערט און וואָיעט
אין פעלד אום דער ווינט.

„דער טאַטע — ניטאָ,
ווער ווייסט ווו ער איז?
עס האָט אים געפאַנגען
אַ גרויזאַמער ריז.
די נאַכט שוואַרץ געווען איז
ווען דאָס איז געשען,
נאָך שוואַרצער דאָס פּנים
מיין מאַמעס געווען...״

אין וואָגל פון טאָג,
אין וואַנדער פון נאַכט
אין אומרו פון שלאָף
ליגט דאָס קינד און עס דאַכט:
„אַ קינד מיינס!״ זי הערט שוין
פון טאַטן די טריט,
די מאַמע פאַרוויגט איר
און זינגט איר דאָס ליד:

„אַז דו וועסט אַמאָל
אַ מאַמעלע זיין,
זאָלסטו דיינע קינדער
דערציילן דעם פּיין,
וואָס טאַטע און מאַמע
געהאַט האָט פון פיינט,
פאַרגעס ניט דעם נעכטן
דערמאָן עס זיך היינט!

# דרעמלען פֿויגל אויף די צווײַגן

טעקסט: לאָה רודניצקי

*Moderato*

ס׳דרעמ - לען פֿיי - גל אויף די צווײַ - גן
שלאָף מײַן טײַ - ער קינד בײַ
דײַן ווי - גל אויף דײַן נאַ - רע
זיצט א פרעמ - דע און זינגט בײַ
דײַן ווי - גל אויף דײַן נאַ - רע
זיצט א פרעמ - דע און זינגט לין לין
לין לין לין לין לין

ס׳דרעמלען פייגל אויף די צווייגן,
שלאָף מיין טייער קינד...
ביי דיין וויגל אויף דיין נאַרע
זיצט אַ פרעמדע און זינגט:
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

ס׳איז דיין וויגל ווו געשטאַנען
אויסגעפלאָכטן פון גליק
און דיין מאַמע, אוי דיין מאַמע
קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק.
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

כ׳האָב געזען דיין טאַטן לויפן
אונטער האָגל פון שטיין,
איבער פעלדער איז געפלויגן
זיין פאַריתומטער געוויין.
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

ס׳דרעמלען פייגל אויף די צווייגן,
שלאָף מיין טייער קינד...
ביי דיין וויגל אויף דיין נאַרע
זיצט אַ פרעמדע און זינגט:
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

ס׳איז דיין וויגל ווו געשטאַנען
אויסגעפלאָכטן פון גליק
און דיין מאַמע, אוי דיין מאַמע
קומט שוין קיינמאָל נישט צוריק.
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

כ׳האָב געזען דיין מאַמען לויפן
אונטער האָגל פון שטיין,
איבער פעלדער איז געפלויגן
דיין פאַריתומט געוויין.
ליו־ליו, ליו־ליו, ליו.

# פרויען

טעקסט : כ.ברוידאָ

א טכאכטע-גע-אויס איך האָב לום-חָ נעם-שיי א

שוין זיך האָט ליין-א מיר אז כן-קלאָ א קן-טי-ליכ

-גע און, וואר פן-אוי אים זע איך דאכט-גע-אויס

א נאָר דן-שיי-בא לום-חָ מיין איז זן-וועי-

איך און דאק א נאָר היים א קל-ווינ

-פאר דן-פרי-צו- זן-ווע-גע לום-חָ מיין מיט בין

לאזט-גע-אויס אים מען, האָט וואָ-


די קײַט-זאמ-אײַנ אין בײַ-פאל גײט בן - לע א

נו. װען-גע איך בן לאנג װי מעט-או אין צײַט סטע-בע

גלײַך סטן-מען לע-א מיט אײַך איך פרעג

זע - בי" אין נע - רע - בוי - גע ען - פרוי

אויף שרעק ערט - לוי עס װען דאן עהן - צֶ

-גע אײַך פון - קי" רע-שװע אין טריט דן - יע

דער יאָך דער אצט ליגט אײך אויף סטער-שװע שמידט -


פון ריק - צו קערט איר ווען דאן סטער - גרע


מע - מא א אויף איר דאכפט - בא פײַן און רי


דאָס שטערנט - צע ווערט - פאר איז עס זײַן


אײַך איז עס און שפּינט - גע לאנג כן - יאָ פון גליק


גן - אײ ער - אײַ פון פרייד די טרײסט די פרעמד


ווי לעק-פע-שע ווי זײַט איר דער - קינ קינד


סע - גרוי די נאַכט די טראָגט איר דער - רינ




אַ שיינעם חלום האָב איך אויסגעטראַכט,  
אַ ליכטיקן, אַ קלאָרן,  
אַז מיר אַליין האָט זיך שוין אויסגעדאַכט,  
איך זע אים אויף דער וואר.  
און געווען איז מיין חלום באַשיידן:  
נאָר אַ ווינקל, אַ היים, נאָר אַ דאַך,  
און איך בין מיט מיין חלום געווען צופרידן,  
פאַרוואָס האָט מען מיך אויסגעלאַכט?  
אַ לעבן גייט פאַרביי אין איינזאַמקייט,  
די בעסטע צייט אין אומעט,  
ווי לאַנג בין איך געווען, נו, פרעג איך אייך,  
מיט אַלע מענטשן גלייך?

רעפריין:  
פרויען, געבוירענע אין בייזע שעהן,  
דאַן ווען עס לויערט שרעק אויף יעדן טריט,  
אין שווערע קייטן ר׳זייט געשמידט.  
שוועסטער! אויף אייך ליגט איצט דער יאָך דער גרעסטער,

דאַן ווען איר קערט צוריק פון מי און פּיין,
באַדאַרפט איר אויך אַ מאַמע זיין.
עס איז פאַרווערט, צעשטערט דאָס גליק
פון יאָרן לאַנג געשפּינט,
און עס איז אייך פרעמד
די טרייסט, די פרייד
פון אייער אייגן קינד.
קינדער, איר זייט ווי שעפּעלעך, ווי רינדער,
איר טראָגט די זאָרג די גרויסע פאַר דער צייט,
איר קלערט און טראַכט ווי אַלטע לייט.

רעטשיטאַטיוו:

פאַרטאָג. די שטאָט אין שלאָף איז איינגעהילט
און עס דרעמלט נאַכט אויף שויבן,
און ערגעץ הויך אויף דעכער פריי
האָבן זיך צעוואָרקעט טויבן.
נאָר דו גייסט געפּאַסט אין קאַלאָנע,
און אויף שווערן ברוק קלינגען אָפּ דיינע הילצערנע טריט
ווי אין קייטן געשמידט
און הילכן אָפּ ווייט-ווייט אין דער גאַס.
און ניט ביי אונדז, אויף וויכן בעטגעוואַנט
שלאָפן פרויען נאָך צעפּיעשטשעט.
אין דרויסן קלעפּן זיך די אויגן מיד
פאַרשטייען ניט פאַרוואָס?

רעפריין:

פרויען, געבוירענע אין בייזע שעהן,
דאַן ווען עס לויערט שרעק אויף יעדן טריט,
אין שווערע קייטן ר'זייט געשמידט.
שוועסטער! אויף אייך ליגט איצט דער יאָך דער גרעסטער:
דאַן ווען איר קערט צוריק פון מי און פּיין,
באַדאַרפט איר אויך אַ מאַמע זיין.

עס איז פֿאַרוועלקט, צעשטערט דאָס גליק
פֿון יאָרן לאַנג געשפּינט,
און עס איז אײך פֿרעמד
די טרייסט, די פֿרייד
פֿון אײער אײגן קינד.
פֿרויען, ס'וועלן פֿאַרשווינדן בײזע שעהן,
פֿאַר אונדזער צער, פֿאַר אונדזער לײד און פּײן,
וועט אַ טרייסט פֿאַר אונדז נאָך זײן.

רעטשיטאַטיוו:
אַ שײנעם חלום האָב איך אויסגעטראַכט,
אַ ליכטיקן אַ קלאָרן,
און עס האָט זיך מיר טאַקע אויסגעדאַכט
איך זע אים אויפֿן וואָר,
און געוועזן איז מײן חלום באַשײדן:
נאָר אַ ווינקל, אַ הײם, נאָר אַ דאַך,
און איך בין מיט מײן חלום געוועזן צופֿרידן,
פֿאַרוואָס האָט מען מיך אויסגעלאַכט?
אַ לעבן גײט פֿאַרבײ אין אײנזאַמקײט,
די בעסטע צײט אין אומעט,
ווי לאַנג בין איך געווען, נו, פֿרעג איך אײך,
מיט אַלע מענטשן גלײך?

רעפֿרײן:
**פֿרויען,**
געבוירענע אין בײזע שעהן,
דאַן ווען איר קערט צוריק פֿון שווײס און פּײן,
באַדאַרפֿט איר אויך אַ מאַמע זײן.
עס איז פֿאַרוועלקט, צעשטערט דאָס גליק
פֿון יאָרן לאַנג געשפּינט,
און עס איז אײך פֿרעמד די פֿרײד און טרייסט ,
פֿון אײער אײגן קינד.

קינדער,
איר זייט ווי שעפעלעך, ווי רינדער,
איר טראָגט די זאָרג, די שווערע, פאַר דער צייט,
איר קלערט און טראַכט ווי אַלטע לייט.
ס'איז אייך פאַרוועלרט, צעשטערט דאָס גליק
פון יאָרן לאַנג געשפינט,
איר האָט פאַרלוירן טאַטע, מאַמע, ברידער, שוועסטער,
געבליבן אַ יתומל אַ קינד.

קינדער,
עס וועט געשען נאָך גרויסע וווּנדער,
פאַר אייער זאָרג, פאַר אייער לייד און פּיין,
וועט אייך אַמאָל נאָך גוט אויך זיין!

# עס וועט זיך פון צווײַגל
# צעבליען א בוים

טעקסט : כ.ברוידאָ

*Andantino*

ווי שווער ס'איז צו גלוי - בן - פאר -

בײַ - א - זא ווי - טער פאר - ני - כעס אין

שמא - טעס און קעלט א שטראל האָט צע -

שמאָל - צן דעם אײַז פון מײַן פענ - צטער גע -

בראכט - א גע - רוס פון דער וועלט א

וועלט האָט צע - בליט זיך מיט ווײַ - סנ - קן

צווײַט און פיי - גע - לעך האָ - בן גע -

בײַ נאַר ליד א טשערט - צווי -

צמער - פינ און גראָ איז אונדז

די ווארפט ווענט די אויף מעט - או דער ס'העגנט

בן - קלײַ כן - שטרא · גע - קאר אונדז זון

רעמט - ווא הענט די מיט זײַ מיר

גן - טראָ אָן לעק - גער - פינ - שפּיץ די אונדז

עס און זון לעק - לעג - שטרא הײם - א מיר



וי שווער ס׳איז צו גלויבן
פאַרביי אַזאַווינטער
פאַרנורעט אין שמאַטעס און קעלט.
אַ שטראַל האָט צעשמאָלצן
דעם אייז פון מיין פענסטער
געבראַכט אַ גרוס פון דער וועלט .
אַ וועלט האָט צעבליט זיך
מיט ווייסינקן צוויט
און פייגעלעך האָבן
געסווישטשעט אַ ליד.

**רעפריין:**
נאָך ביי אונדז איז
גראָ און פינצטער,
ס׳הענגט דער אומעט אויף די ווענט,
וואַרפט די זון אונדז קאַרגע שטראַלן,
קלייבן מיר זיי מיט די הענט.
וואַרעמט אונדז די שפּיץ פינגערלעך אָן,
טראָגן מיר אַ היים שטראַלעכלעך זיי.
און עס וועט אונדז עפּעס גרינגער,
ס׳וועט זיך זינגען, שפּרינגען פריי.

אַ ווינטעלע האָט זיך
פֿאַרגנבֿעט דורך שפּאַרעט,
אַ סוד אײַנגערוימט מיר דערבײַ:
עס האָט זיך היינט הינטער
דעם הילצערנעם פּאַרקאַן
צעוואַקסן דער דזשיקער מאַי.
און ווינטעלעך זאָגן:
די גרעזעלעך גרין
שיקן גרוסן
און רופֿן אַהין...

**רעפֿריין:**
נאָר בײַ אונדז איז...

אַוועק איז דער טאַטע
אין שטאָט צו דער אַרבעט,
ער מוז אַזוי ווײַט נעבעך גיין,
ער וועט מיר היינט ברענגען
אַ פֿרישינקן צווײַגל
מיט בלעטעלעך גרינינקע שיין.
נו וועט עס אין ריינינקן וואַסערל שטיין
און ס׳וועט זיך פֿון צווייגל צעבליִען אַ בוים.

**רעפֿריין:**
נאָר בײַ אונדז איז...

# פרילינג

טעקסט: ש. קאַפּעשערזשינסקי

מוזיק: א. ברודנאָ

*Moderato*

און סל-גע צו סל-גע פון טאָ-גע אין דזשע-בלאָז איך

ווי בער-לי מײַן איז טאָ-ני אָרט קײַן נען-פּי-גע ניט קען

עס וואָרט כאָפּש זאָגט אָ פּשן-מען בער-לי-א מען טראָגט

ער-בלוי דער מל-הי דער איצט היים מײַן אויף לויכט

לער-בעט א ווי שטיי איך פון-דער איצט איך האָב זשע-וואָס

לע-סע-בי א טל-בע און ער-טוי

ער-פרוי מײַן צו נעם לינג-פרי דון

- צו ען - טרײַ מײַן סטן - ליב מײַן ברײַנג און

גל - פלי נע - דײַ אויף לינג - פרי ריק -

מיט האריק מײַן נעם אָ ע - בלוי

גליק מײַן צו עס ברײַנג און

גל - פלי נע - דײַ אויף לינג פרי

מיט האריק מײַן נעם אָ ע - בלוי

גליק מײַן צו עס ברײַנג און

איך בלאָנדזשע אין געטאָ
פון געסל צו געסל
און קען נישט געפינען קיין אָרט.
נישטאָ איז מײַן ליבער;
ווי טראָגט מען אַריבער,

מענטשן, זאָגט כאָטש אַ וואָרט.
עס לייכט אויף מיין היים איצט,
דער הימל דער בלויער,
וואָס זשע האָב איך איצט דערפון?
איך שטיי ווי אַ בעטלער
ביי יעטוועדן טויער
און בעטל אַ ביסעלע זון.

**רעפריין:**
פרילינג, נעם צו מיין טרויער,
און ברענג מיין ליבסטן,
מיין טרייען צוריק.
פרילינג, אויף דיינע פליגל בלויע,
אָ, נעם מיין האַרץ מיט
און גיב עס אָפּ מיין גליק.

איך גיי צו דער אַרבעט
פאַרביי אונדזער שטיבל
אין טרויער, דער טויער פאַרמאַכט.
דער טאָג אַ צעהעלטער,
די בלומען פאַרוועלקטע.
זיי וויאַנעען: — פאַר זיי איז אויך נאַכט.
פאַרנאַכט אויף צוריקוועגס,
עס נויעט דער טרויער,
אָט דאָ האָסטו ליבסטער געוואַרט.
אָט דאָ אינעם שאָטן
נאָך קענטיק דיין טראָט איז,
פלעגסט קושן מיך ליבלעך און צאַרט.

**רעפריין:**
פרילינג, נעם צו מיין טרויער...

ס'איז היי־יאָר דער פרילינג
גאָר פרי אָנגעקומען,

צעבליט האָט זיך בענקשאַפט נאָך דיר.
איך זע דיך ווי איצטער
באַלאָדן מיט בלומען,
אַ פריידיקער גייסטו צו מיר.
די זון האָט פאַרגאָסן
דעם גאָרטן מיט שטראַלן;
צעשפּראָצט האָט די ערד זיך אין גרין.
מיין טרויער, מיין ליבסטער,
ווו ביסטו פאַרפאַלן,
דו גייסט נישט אַרויס פון מיין זין.

**רעפריין:**
פרילינג, נעם צו מיין טרויער...

# מיר טרינקען מיטן טויט לחיים

-צו · באַרג-זאַמד ביים צן זי מיר

טן-מי ים-ח-ל קען-טרינ און סן - פו -

סן-גרוי קער-פעל פון קן - לא מיר טויט

ה חול אין ווי טן-בע-אר און חוס - י

עד מו

מיר זיצן ביים זאַמד־ברעג צופוטנס
און טרינקען לחיים מיטן טויט,
מיר לאַכן פון פעלקער גרויסן יחוס
און אַרבעטן ווי אין חול־המועד.

די נאָענטע האָבן מיר שוין פאַרלוירן,
מיר דריקן די בילדער צו דער ברוסט.
מיר לעבן ווי אויף ס׳ניי געבוירן,
אַזוי ווי ס׳קען אַ לאַגעריסט.

מיר טרינקען מיטן טויט לחיים
און בייסן צו פֿאַרשימלט ברויט;
מיר ציילן ספירה צום באַפרייען,
ביים טויער פֿון פֿאַרמאַכטן פּלויט.

דאָס ליד איז געשריבן און געזונגען געוואָרן אין טויטן־לאַגער פֿון יאַנאָווע. די אויטאָרן — די פּרוי פֿון יידישן שרייבער מילטשע גרין — איז אין לאַגער אומגעקומען.

# באָמבעס

טעקסט: ד״ר בוזשאַנסקי

לן - פא - גע בעס - באָמ נען - זײַ שטאָט אין

פון ׳לען - יונ מיר שיקט דאָס סן - רו - גע לין - סטא

אונדז
א פן-פראָ-גע ס׳וואָלט ווי לן שא מיר און פרייד

-גע שוין ע - פרײַ בע - לי בעס-באָמ בעס-באָמ ,גליק

און מען־קו איך זאָלט נוט - - מי דע - יע אז ווארט -

כעס - אוי איז אונדז אויך און ער - פײַ מיט פן - וואר

ער - פײַ שט פן - וואר און מען - קו איך זאָלט גוט




אין שטאָט זענען באָמבעס געפאַלן
סטאַלין גרוסן דאָס שיקט.
מיר יובלען פון פרייד און מיר שאַלן,
ווי ס'וואָלט אונדז געטראָפן אַ גליק.

באָמבעס, באָמבעס, ליבע, טרייע...
שוין געוואַרט, אַז יעדע מינוט
זאָלט איר קומען און וואַרפן מיט פייער,
און אויב אין אונדז איז דאָך אויכעט גוט.

אַ לעבן געפירט האָסט אַ שיינעם.
איצט ביסטו געוואָרן אַ קנעכט.
קינדער און פרויען און זקנים, —
כסדר מען האָט אונדז געשעכט.

**רעפריין:**
באָמבעס, באָמבעס, ליבע, טרייע...

עס נאָגט דער געדאַנק, די נשמה,
צי וועלן מיר מענטשן נאָך זיין?
דאָס הארץ גאַרט אַזוי נאָך נקמה
פאַר אונדזערע צרות און פיין.

**רעפריין:**
באָמבעס, באָמבעס, ליבע, טרייע...

דאָס ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן גלייך נאָכדעם, ווי די סאָוויעטישע אַוויאַציע האָט באָמבאַרדירט (מערץ 1942) ווילנע. אין געטאָ אָבער איז קיין שפּליטער נישט אַריין. די באַפעלקערונג, סיי די יידישע און סיי די נישט יידישע איז געווען זיכער, אַז די סאָוויעטישע פליער האָבן זיך געהיטן נישט צו טרעפן דעם געטאָ. די שטימונג פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַ גוואַלדיק געהויבענע.

# רבקה'לע די שבתדיקע

קע - די - בת - ש די לע - קה - רב

א צו דים-פאָ א דכ"ס ריק-פאב אין בעפ-אר

א נויף - צו פלעכס דים - פאָ

רע - צעפ - פינ טאָ - גע די אוי שפריק

- א האריץ דאָס און לאנג צו שוין ערט - דוי

באנג זוי - א איר סופ מפ - קלע - פאר זוי -

רבקהלע די שבתדיקע
אַרבעט אין פֿאַבריק;
דרייט אַ פֿאָדעם צו אַ פֿאָדעם,
פֿלעכט צונויף אַ שטריק.
אוי, דו גוטע פֿינצטערע,
דויערסט שוין צו לאַנג,
און דאָס האַרץ אַזוי פֿאַרקלעמט,
טוט איר אַזוי באַנג.

איר געטרייער הערשעלע,
איז אַוועק, נישטאָ,
זינט פֿון יענעם שבת אָן,
זינט פֿון יענער שעה.
איז פֿאַרטרויערט רבקהלע,
יאָמערט טאָג און נאַכט,
און אַצינד ביים רעדעלע,
זיצט זי זיך און טראַכט.

ווו איז ער מיין ליבינקער,
לעבט ער נאָך כאָטש ווו?
אפֿשר אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער,
אַרבעט שווער אָן רו,
אוי, ווי פֿינצטער איז אים דאָרט,
ביטער איז איר דאָ,
זינט פֿון יענעם שבת אָן,
זינט פֿון יענער שעה.

**אַ ליד פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ פֿאַרפֿאַסט פֿון באַקאַנטן ביאַליסטאָקער רעדאַקטאָר** פּ. קאַפּלאַן **— איבערגעוויזן דער היסטאָרישער קאָמיסיע דורך** דאָרא רובינאָ.

# צום רויטאַרמייער

טעקסט: פסח בינעצקי　　　　מוזיק: ס. גרינפעלד

צו אים וויג אים וויג לו לע לו לע אַי

זײַן און מען-קו - גע נאכט-בײַ דײַטש א איז עס

א אויף טע-טא דער הענגט מען - נו - גע-צו - טן - טא

זײַן איז עס קוים זיך ווינט און וויגט ער און בוים

-גע רע - קע - שי טער - אונ גען - גאנ - גע-אויס מע-מא

-בא נאָר שנײַ און פראָסט און הויל קעט - נא גען - זאנ

-גליט פון קינדס גע - שריי אַי לע לו לע לו




איילע ליולע ליו. —
וויג אים, וויג אים צו.
עס איז אַ דייטש ביינאַכט געקומען,
און זיין טאַטן צוגענומען,
הענגט דער טאַטע אויף אַ בוים
און ער וויגט אין ווינט זיך קוים...

עס איז זיין מאַמע אויסגעגאַנגען
אונטער שיכורע געזאַנגען
נאַקעט, הויל, אין פראָסט און שניי,
נאָר באַגלייט פון קינדס געשריי...
איילע לוליע ליו. —
וויג אים, וויג אים צו.

און זיין שוועסטערל דאָס קליינע
האָט שוין אויפגעהערט צו וויינען...
ליגט דאָס שוועסטערל ביים וויג,
מיט אַ שטאַר־פאַרגלאָזטן בליק.

הערט דאָס קינד נישט אויף צו וויינען.
גיב אַ שמייכל זאָל עס מיינען,
עס איז דער טאַטע צוריק געקומען,
פונם בוים אַראָפּגענומען...
איילע ליוליע ליו.
וויג אים, וויג אים צו.

ווײל דאָס קינד נישט ווערן שטילער,
גיב אַ לאַך און זאָל עס פּילן,
ווי ס׳דערוואַכט די גוטע מאַמע,
פון דעם טויט־גרוב אויפגעשטאַנען.

עס וועט דאָס קינד דאָך וואַקסן, וואַקסן.
און אויף זײנע פעסטע אַקסלען,
וועלן פינקלען גאָלדענע שטערן,
ווען ער וועט אַ שלאַכטמאַן ווערן.
איליע ליוליע ליו.
וויג אים, וויג אים צו.

# האָב איך מיר א קליינעם מיזינקע

*Allegretto*

האָב איך מיר א קליי - נעם מי - זי - נק - ע

גאָס גער-טען דער אויף ער שוויגט קע-זי - מי

מיר ער מאַכט ער ווייל ער וואָס מיר ער מאַכט
פּלין פּלין פּלין פּלין פּלין פּלין פּלין פּלין פּלין

- פּע - פּי א מיר ער מאַכט קען ער וואָס
- פּע - פּי דאָס איז דאָס פּלין פּלין פּלין

לע - פּע - פּי א מיר ער מאַכט לע -
לע - פּע - פּי דאָס איז דאָס לע -

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע,
ווינט ער אויף דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר, וואָס איך וויל,
מאַכט ער מיר, וואָס ער קען.
מאַכט ער מיר אַ פּייפּעלע:
פּליו־פּליו־פּליו, פּליו־פּליו־פּליו —
דאָס איז דאָס פּייפּעלע.

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאַכט ער מיר אַ טראָמבעטשקע:
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פּליו־פּליו־פּליו, פּליו־פּליו־פּליו —
דאָס איז דאָס פּייפּעלע.

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאַכט ער מיר אַ פּייקעלע:
טראָם־באָם־באָם, טראָם־באָם־באָם —
דאָס איז דאָס פּייקעלע,
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פּליו־פּליו־פּליו, פּליו־פּליו־פּליו —
דאָס איז דאָס פּייפּעלע.

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאַכט ער מיר אַ פּידעלע:
טידל־נידל, טידל־נידל —
דאָס איז דאָס פּידעלע,
טראָם־באָם־באָם, טראָם־באָם־באָם —
דאָס איז דאָס פּייקעלע,
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פּליו־פּליו־פּליו, פּליו־פּליו־פּליו —
דאָס איז דאָס פּייפּעלע.

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכלקע, מיכלקע א.א.וו.
מאַכט ער מיר אַ צימבעלע:
צים־בים־בים, צים־בים־בים —
דאָס איז דאָס צימבעלע,
טידל־נידל, טידל־נידל —
דאָס איז דאָס פידעלע,
טראָם־באָם־באָם, טראָם־באָם־באָם —
דאָס איז דאָס פּייקעלע,
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו —
דאָס איז די טראָמבעטשקע,
פליו־פליו־פליו, פליו־פליו־פליו —
דאָס איז דאָס פייפעלע.

# שלאָף, שלאָף, שלאָף

*Andantino*

דאָרף אין רן-פֿאָ וועט טע-טא דער שלאָף שלאָף שלאָף

לע-פּע-קע דאָס זונט-גע זײַן וועט לע-פּע-ע אין גען-ברענ ער וועט

שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט פֿאָרן אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע,
וועט זיין געזונט דאָס קעפּעלע.
שלאָף, שלאָף אַזוי

וועט ער ברענגען אַ ניסעלע,
וועט זיין געזונט דאָס פֿיסעלע.
שלאָף, שלאָף אַזוי

וועט ער ברענגען אַן ענטעלע,
וועט זיין געזונט דאָס הענטעלע.
שלאָף, שלאָף אַזוי

וועט ער ברענגען אַ יאַיכעלע,
וועט זיין געזונט דאָס בייכעלע.
שלאָף, שלאָף אַזוי

# בלימעלעך און פערעלעך

טעקסט: רבקה גאלין

מוזיק: לעאן ווינער





















בלימעלעך און פערעלעך
האָב איך אויפֿגעקליבן,
פאַר מיין קליינעם קינדעלע
לידעלעך געשריבן.

ווייל איך וויל, אַז קינדערלעך
זאָל צופרידן זיין,
ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע, שלאָף איין.

מאָרגן וועל איך לאָזן זיך
יאָגן נאָכן שטאַרקן ווינט;
נייע, שיינע וונדערלעך
זוכן פאַר מיין קינד.

ווייל איך וויל, אַז קינדעלע
זאָל צופרידן זיין;
ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע, שלאָף איין.

וואָלט פון הרי חושך וואָס,
קינדעלע מיינס זיך פאַרטראַכט;
וואָלט איך אין אַ רגעלע
תיכף דאָס געבראַכט.

ווייל איך וויל, אַז קינדעלע
זאָל צופרידן זיין;
ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע, שלאָף איין.

וואָס האָט ביי מיר פאַר אַ ווערט
מיין איין איינציק לעבן?
כ׳וואָלט אַפילו צען געהאַט
וואָלט איך אָפּגעגעבן.

נאָר מיין קליינע קינדעלע
זאָל צופרידן זיין.
ליולינקע, מיין קינדעלע,
ליולינקע, שלאָף איין.

# שיכעלעך

טעקסט: קאדיע מאָלאָדאָווסקא     מוזיק: לעאָן ווײַנער





















Sento

גען - היינ בן - בלײַ געלט קײַן לע - מע - וואָ ניט האָט

rall

שטאנד א אוי פה - חר א אוי לעק - כע - שי

טער - מס דעם בײַ לע - כע - שני פּן - כוי א אויף

cresc. dim. rall.

וואוס דער אויף

טאַנצן פלינק די טשוועקעלעך
ביי דעם שוסטער אויף דער האַנט;
אויף אַ רויטן שנירעלע
הענגען שיכעלעך אויף* דער האַנט.

ייִנגעלעך און מיידעלעך
גייען, גייען נאָכאַנאַנד:
צופּאַסן די שיכעלעך,
די, וואָס הענגען אויף דער וואַנט.

בערעלען אַ ביסל שמאָל,
סימעלע אַ פינגער קווּלט;
וואָמעלען אינגאַנצן גוט,
האָט נישט וואָמעלע קיין געלט.

בלייבן הענגען שיכעלעך,
אוי, אַ חרפּה, אוי אַ שאַנד,
אויף אַ רויטן שנירעלע
ביי דעם שוסטער אויף דער וואַנט.

# קינדער

טעקסט: רבקה גאַלין
מוזיק: לעאָן ווײַנער

Fine

לעך – דער-קינ נע-מ״ רער – קינ

לעך – דער-קינ נע-מ״ דער-קינ דער – קינ

איר פריט לע – אַ שוואַרץ און געל און קע-סינ-ווי

אויף אייך לאַנד דן – יע פון כקליב האַרץ מײַן מיר

ווער ליין – אַ און טיף-צע קראַנץ נעם-שי אַ פלעכט

פינט דער מי טיק-לאָז און פריי — קינד אַ איך

קינדער, מיינע קינדערלעך (ביס)
ווייסינקע און געל און שוואַרץ —
אַלע פרייט איר מיר מיין האַרץ —
כ׳קלייב פון יעדן לאַנד אייך אויף,
פלעכט אַ שיינעם קראַנץ צונויף
און אַליין וועו׳ איך אַ קינד
פריי און לוסטיק ווי ׳דער ווינט.

קינדער, מיינע קינדערלעך (ביס)
אויסגעפילט בין איך מיט אייך,
ווי מיט וואַסערן דער טייך,
ווי אַ בלום איז פול מיט דופט,
ווי דער אָטעם איז מיט לופט
און אַליין בין איך אַ קינד,
פריי און לוסטיק ווי דער ווינט.

קינדער, מיינע קינדערלעך (ביס)
נעמט אַ פאַרמעט און אַ רוט
טינקט עס אין מיין האַרץ און בלוט
לאָזט עס פלאַטערן אין זון
וועט זיין אַ מעשהלע דערפון
לאָזט עס פליען מיטן ווינט
וועט זיין אַ ליד פאַר יעדן קינד
קינדער, מיינע קינדערלעך. (ביס)

# אַ קעצעלע

טעקסט: רבקה גאלין    מוזיק: לעאן ווינער

*p.* איך האָב אַ לי - בע קע - צע - לע

ווײס איז זי ווי שניי - מיט

שײ - נע גרי - נע אוי - גע - לעך ווי

פײ - ער בלי - צן די - מיט

שײ - נע גרי - נע אוי - גע - לעך ווי

פײ - ער בלי - צן די -

מיאו מיאו מיאו -

*dim.....*

איך האָב אַ ליבע קעצעלע,
ווייס איז זי ווי שניי,
מיט שיינע גרינע אויגעלעך,
ווי פייער בליצן זיי.
מיאו, מיאו, מיאו!

באַדאַרפט איך זען מיין קעצעלע,
ווי מיטן צינגל לעקט
און מיטן פיצן נעזעלע,
ווי זי זוכט און זי שמעקט.
מיאו, מיאו, מיאו!

איך עפן נאָר די אייגעלעך —
שטייט זי ביי מיין טיר,
זי שאָקלט מיטן קעפעלע:
גוט מאָרגן זאָגט זי מיר.
מיאו, מיאו, מיאו!

איך ליב אַזוי מיין קעצעלע,
שפילן מיר באַנאַנד,
זי טרינקט נאָר פון מיין טעצעלע,
זי עסט נאָר פון מיין האַנט.
מיאו, מיאו, מיאו!

# פּורים

טעקסט: כבקה גאלין  מוזיק: לעאָן װײַנער

— ח — של רים פּו רים - פּו

קעס — קאַט — לע — קאַ נות — מ׳

וואָס אַי אַי אַי נות — ת — מ׳ און

וואָס אַי אַי אַי טאָן זיך סוועט

I - II - III  Fine

וואך — דע *rit.* טאָן זיך סוועט

פּורים, פּורים, שלח־מנות.
קאַלעקאַטקעס און מתנות —
איי, איי, איי, וואָס ס׳וועט זיך טאָן. (ביס)

גוטע זאַכן וועט מען נאַשן
מען וועט באַקן המן־טאַשן —
אָנגעפּילט מיט מאָן. (ביס)

ס׳איז אַ שאָד נאָר בנאמנות,
וואָס איין טאָג איז שלח־מנות,
ס׳האָט געדאַרפט זיין נאָך. (ביס)

נויטיק וואָלט מען דאַרפן מאַכן
פּורים און די גוטע זאַכן
כאָטש איעדע וואָך. (ביס)

פורים, פורים, שלח־מנות,
קאלעקאָטקעס און מתנות —
איי, איי, איי, וואָס וועט זיך טאָן. (ביס)




מיר שמידן און שמידן,
בייטאָג און ביינאַכט
די רינגען, זיי ווערן
און אויפהער געמאַכט.
און געפיילט און געהאַמערט,
אַ רינג אין דעם צווייטן
ווערט פלייסיק געקלאַמערט,
די גאָלדענע קייט,
די גאָלדענע קייט!

מיר פלעכטן און פלעכטן
און ווערן ניט מיד,
דער גייסט און דער האַמער,
זיי זינגען דאָס ליד.
מיר טאָרן ניט זאַמען,
נאָר שמידן און פלעכטן,
מיר מוזן באַפרייען
דעם היינט פון דעם נעכטן.
אַן אייביקע שפּיל,
אַן אייביקע שפּיל!

# דרײַ ײנגעלעך

דרײַ לעך - גע - ײנ דרײַ האָט מע - מאַ די

נע - קלי״ נע - שײ״ דרײַ האָט - גע לעך - גע - ײנ

האָט פּרנסה א לע - א לעך - גע - ײנ

דאָס לע - רע - בע סן - הײ - גע אײנס

-גע האָט טע-דרי דאָס לע-רע-שמע-ים - ח טע - צװײ

ניס - פּן - קי״ אים זאל מען סן - הײ

דאָס וואָרט איך. וואָס-גע ל׳האָב נארט-גע-אָפּ אײַך ל׳האָב




די מאַמע האָט דריי יינגעלעך,
דריי יינגעלעך געהאַט.
דריי שיינע, קליינע יינגעלעך
אַלע אַ פּראַכט.

האָט איינס געהייסן בערעלע,
דאָס צווייטע חיים־שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהייסן, —
מע זאָל אים קויפן שיך.

איך האָב אייך אָפּגענאַרט,
כ׳האָב געוווסט איר וואַרט.
דאָס דריטע שיינע יינגעלע —
דאָס דריטע, דאָס בין איך.

די מאַמע האָט דריי ניסעלעך,
פון דעם יאַריד געבראַכט.
דריי גוטע, פעטע ניסעלעך,
דריי ניסעלעך אַ פּראַכט.

איז איינס געווען פאַר בערעלען
און איינס פאַר חיים־שמערעלען,
און גאַר דאָס בעסטע ניסעלע —
האָט זי געלאָזט פאַר זיך.

איר וווּנדערט זיך אַ ביסל —
פאַרוואָס נישט מיר אַ ניסל?
ווייל ניסן, ניסן, ניסעלע —
ניסעלע רופט מען מיך.

# אַמאָל איז געווען

*Moderato*

אַ-מאָל איז גע - ווען אַ-מאָל איז גע - ווען

לע-דע-" קליין אַ לע-דע-" קליין אַ

האַט - גע ער האָט גע-האַט ער האָט

לע-דע-פּי קליין אַ לע-דע-פּי קליין אַ

לע-דע-פּי דאָס מאכט אוי, אוי אוי אוי אוי אוי'

לע - דע-פּי דאָס מאכט אוי אוי: אוי אוי : אוי

לע - דע - פּי דאָס מאכט אוי אוי אוי: אוי: אוי

אַמאָל איז געווען, אַמאָל איז געווען
אַ קליין ײדעלע, אַ קליין ײדעלע,
האָט ער געהאַט, האָט ער געהאַט
אַ קליין פידעלע, אַ קליין פידעלע.

אוי, אוי, אוי! אוי, אוי, אוי!
מאַכט דאָס פידעלע.
אוי, אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

אַמאָל איז געווען אַזוי
אַ שיין פייפעלע, אַ שיין פייפעלע.
פליו־פליו־פליו! פליו־פליו, פליו!
מאַכט דאָס פייפעלע.
אוי, אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

אַמאָל איז געווען אַזוי
אַ שיין פייקעלע, אַ קליין פייקעלע.
טראָם־טאָם־טאָם! טראָם־טאָם־טאָם!
מאַכט דאָס פייקעלע;
פליו־פליו־פליו! פליו־פליו־פליו!
מאַכט דאָס פייפעלע;
אוי, אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

אַמאָל איז געווען אַזוי
אַ שיין קעצעלע, אַ שיין קעצעלע.
מיאַו־מיאַו־מיאַו! מיאַו־מיאַו־מיאַו!
מאַכט דאָס קעצעלע;
טראָם־טאָם־טאָם! טראָם־טאָם־טאָם!
מאַכט דאָס פייקעלע;

פליו־פליו־פליו...
מאַכט דאָס פייפעלע;
אוי, אוי, אוי, אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

אַמאָל איז געווען אַזוי׳
אַ קליין הינטעלע, אַ קליין הינטעלע.
האַו־האַו־האַו! האַו־האַו־האַו!
מאַכט דאָס הינטעלע;
מיאַו־מיאַו־מיאַו....
טראָם־טאָם־טאָם...
פליו־פליו־פליו...
אוי־אוי־אוי,
מאַכט דאָס פידעלע.

# ליולינקע - ליולי

*Lento*

ליולינקע־ליולי,
דער טאַטע ד׳נישטאָ הי.
וווהין איז ער געפאָרן?
קיין בו־קי.
וואָס וועט טאַטע קויפן?
אַ קעלבעלע מיט אַ קו.
ווער וועט עס מעלקן?
איך און דו.

# אוי, קארטאָפעלעך

איבערגעגעבן דורך א. לייב

א גען - זינ - אויס איך כ' וועל

דל - לי דל - לי דל - לי דל - לי

ווען ווען - גע איז גער - לא אין ווי

פלעגן מיר זון דער אויף ווען

גן - לי גן - לי גן - לי גן - לי

ברענט ברענט ברענט - גע זיך לעך - קעצ די ווי

כ׳וועל אייך אויסזינגען אַ לידל, לידל, לידל לידל
ווי אין לאַגער איז געווען, ווען, ווען, ווען
אויף דער זון מיר פלעגן ליגן, ליגן ליגן, ליגן.
ווי די קעצעלעך זיך געברענט, ברענט, ברענט,

אוי, קאַרטאָפעלעך צום קייען, קייען, קייען, קייען,
איז דאָך טאַקע גאָר אַ גליק, גליק, גליק, גליק.
אַלע זאָגן אַ מחיה, חיה, חיה, חיה,
אַלע זאָגן ס׳אַן אַנטיק, טיק, טיק, טיק.

אויפן מיטאָגדיקן מאכל, מאכל, מאכל, מאכל,
זיך דערוואַרטן קען מען נישט, נישט, נישט, נישט,
אוי, קאַרטאָפעלעך געשמאַקע! מאַקע, מאַקע, מאַקע,
אוי, ביים הערצעלע עס ציט, ציט, ציט, ציט.

# שפילן מיר אין קעסטעלעך

*Allegro moderato*

שפילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ הון.
הון, הון, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מיין איי!
דער הונט איי,
דער הונט איי,
שפילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ האָן.
האָן, האָן, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מיין קריי!
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ גאַנדז.
גאַנדז, גאַנדז, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מיין קאָפּ!
דער גאַנדזס קאָפּ,
דעם האָנס קריי אַוועק

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַן אינדיק:
אינדיק, אינדיק, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מיין קראָפּ,
דעם אינדיקס קראָפּ,
דער גאַנדזס קאָפּ אַוועק

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ מויד.
מויד, מויד, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מיין צאָפּ!
דער מוידס צאָפּ,
דעם אינדיקס קראָפּ אַוועק

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ בחור.
בחור, בחור, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מיין פּאה!
דעם בחורס פּאה,
דער מוידס צאָפּ אַוועק

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט אַרויס אַ פּריץ.
פּריץ, פּריץ, וואָס גיסטו צו?
איך גיב מײַן דעה!
דעם פּריצ׳ס דעה,
דעם בחורס פּאה,
דער מוידס צאָפּ,
דעם אינדיקט קראָפּ,
דער גאַנדזס קאָפּ
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

# כ׳נעם מיר מיט אַ שפּיינדל

טעקסט: אלחנן אינדעלמאַן. מוזיק: לעאָן ווײַנער.

*Andante - Moderato*

*p* כ׳נעם מיר מיט אַ שפּיי - נדל פון דער געטאָ - וואַנט

כ׳בוי אַ הויז מיר זו - ניק, כ׳בוי אין ווײַ - טן לאַנד.

*ten.*

כ׳בוי אַ הויז מיר זו - ניק אין ווײַ - טן לאַנד אין מיין הע - לער פּראַכט

*rall.*

כ׳נעם מיר מיט אַ שטיינדל
פון דער געטאָ־וואַנט.
כ׳בוי אַ הויז מיר זוניק,
כ׳בוי אין ווייטן לאַנד.

כ׳מויער איין דאָס שטיינדל
פון דער געטאָ־וואַנט
אין מיין הויז דעם ווייסן,
אין דעם ווײַטן לאַנד.

ס׳זאָל אַ טראָפּן טרויער
פון ישראלס לייד
זיין אין ווייסן מויער,
אין מיין גרויסער פרייד.

ס׳זאָל אַ זכר בלייבן
פון דער געטאָ־נאַכט,
פון דעם גרויסן חורבן —
אין מיין העלער פּראַכט.

# ציפּעלע, ציפּעלע.

ס׳האָט די קליי - נע צי - פע - לע פאר -

בי - סן מיט א לי - פע - לע צי - פע - לע וואָס

סטו - מיין דאָס לע - פע - ע א סטו - וויין

וויין איך אז דאָס זאָגט ווער ניין ניין ניין

ס׳האָט די קליינע ציפּעלע,
פאַרביסן מיט אַ ליפּעלע.
— אָ, ציפּעלע וואָס וויינסטו,
אַן עפּעלע — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?

עס האָט די קליינע ציפּעלע,
פֿאַרקניפּט איר מויל אַ קניפּעלע,
— אָ, ציפּעלע וואָס ווייסטו,
צוויי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
ווער זאָגט עס, אַז איך וויין?

און ס׳טורייסלט זיך איר קעפּעלע
צוזאַמען מיט איר צעפּעלע,
— אָ, ציפּעלע וואָס ווייסטו,
דריי עפּעלעך — דאָס מיינסטו?
— אָ, ניין, ניין, ניין —
איך וויל אַ קוש — נישט מיין.

# דאָס פּאַסטוכל

פּעקסט : אלחנן אינדעלמאַן  מוזיק : לעאָן ווײַנער

דאָרף טוס-טא מײַן פון כל - טו - פּאַס א מיר איך בין

שאָף און לעך - ע - קי לצך - ע - קי די מיר שע-לפּא

זיס און קלאָר זיי - א לע - דע - לי א מיר איך זינג

פליסט גל-בער פון וואָס לע - כע - טיי דאָס צו מיר ברומט

פליסט גל-בער פון וואָס לע - כע - טיי דאָס צ מיר ברומט

........................ דוי דוי דוי דוי

..................................................

בין איך מיר אַ פּאַטשוכל
פון מיין טאַטנס דאָרף.
כ׳פּאַשע מיר די קיעלעך,
קיעלעך און שאָף.

זינג איך מיר אַ לידעלע
אַזוי קלאָר און זיס.
ברומט מיר צו דאָס טייכעלע,
וואָס פון בערגל פליסט.
דו־דו־דו־דו....

קומט פון וואַלד אַ וועלפּעלע.
כ׳וויס נישט פון קיין שרעק,
כ׳וויַיז אים נאָר מיין שטעקעלע.
לויפט ער גלייך אַוועק.

קומט דער אָוונט, טרייב איך גיך,
כ׳טרייב אַ היים די שאָף,
זינג איך פריש אַ לידעלע
פון מיין טאַטנס דאָרף.
דו־דו־דו־דו....

# פרייט זיך קינדער !...

### טעקסט : אלחנן אינדעלמאן. מוזיק : לעאן ווײַנער

*Moderato*

*mf*

מען-קו - גע אונדז צו איז טוב - יום נער - גרי דער-קינ זיך פרייט

מען-בלו און גריגס זיין מיט זיך שפרייט-צע בריט מער-זו דער סהאַט

*f*

נע - גרי דער-קלי טוב - יום זיך שאַן - גע - אַן דער-פעל בן - סהאַ

נעס - רי - לע-פע נע-גרי רים - קב בות - חור לו - פי - א און

נעס - כי - לע - פע נע - גרי רים - קב בות - חור. לו - פי - א און

ליא ליא ליא . . . . . . .

פרייט זיך, קינדער! גרינער יום־טוב
איז צו אונדז געקומען,
ס'האָט דער זומער ברייט צעשפּרייט זיך
מיט זיין גרינס און בלומען.

ס'האָבן פעלדער אָנגעטאָן זיך
יום־טוב־קליידער גרינע
און אַפילו חורבות, קברים —
גרינע פעלערינעס.

ס'האָט דער הימל שטאַרק צעבלויט זיך,
זון — צעשפּיזט מיט שטראַלן
און מיט זילבער־קלאַנגען האָבן
זיך צעשפּילט די קוואַלן.

זאָל דער זומער אונדזער טרויער
מיט זיין גרינס פאַרדעקן
און מיט וונדער־קלאַנגען — האָפענונג,
נייע האָפענונג וועקן.

# אויפן פידעלע

טעקסט: פ. האלפּערן                מוזיק: לעאן ווײנער





















rall....

·פאר אויך און פאלש מיר בײַ דיך שפילסט לע - דע - פי

*Piu mosso*

גן - אי מיין אויף גז - ברו איך ווער קערט

גל - פוי דער ווי נישט שפילסט ער וואָס לע - דע - פי

*Meno mosso*

א שיין כן - שפי אויב מיר מען זאָגט סאָ שיין

rall...

לע - שו אין און נען - לער מען מוז לע - דע - לי

כ׳האָב באַקומען אַ געשאַנק אַ פידעלע,
אין די סטרונעס איז באַהאַלטן שיינער קלאַנג.
פון דאָ־רע־מי־פאַ־סאָל־לאַ ווערט אַ לידעלע,
דאָ־פאַ־דאָ־סי־לאַ, איז שוין אַ געזאַנג.

זינגט אַ פויגל אויפן בוים אַ לידעלע,
וויל איך זינגען אויך אַזוי ווי ער,
כאַפּ איך שנעל זיך צו מיין טייער פידעלע,
שפּילט זיך ביי מיר פאַלש און אויך פאַרקערט.

ווער איך ברוגז אויף מיין אייגן פידעלע,
וואָס עס זינגט נישט ווי דער פויגל שיין,
טאַ זאָגט מען מיר, אויב שפּילן שיין אַ לידעלע,
מוז מען לערנען און אין שולע גיין.

# אויפן גליטש

טעקסט: פ. האלטער　　　מוזיק: לעמאן ווײַנער

*Moderato*

צום צוויי פּטשערס-גלי מיר האָט טע - טאַ מײַן

האָ! האָ! קויפט - גע שוין טער - ווין

און שיק נע - מײַ צו ז״ איך שרויף

נאָר הויף פן - אוי זיק גליטש

- א נישט זיק גליטשט הויף פן - אוי

פּאָ שיין און שיקט · גע דו -

וואָס גליטש - לע - שוי דער צו איך לויף

הא! הא! ריין און גלאט זיך גלאנצט

וואָס גליטש - לע - שו דער צו איך לויף

הא! ריין און גלאט זיך גלאנצט

וואָס הא הא הא הא הא הא הא

I

ריין און גלאט זיך גלאנצט

II

הא! הא! בריט פל - פרעס דאס שארף

מיין טאַטע האָט מיר גליטשערס צוויי
צום ווינטער שוין געקויפט.
שרויף איך זיי צו מיינע שיך
און גליטש זיך אויפן הויף.

נאָר אויפֿן הויף גליטשט זיך נישט
אַזוי געשיקט און שיין.
טאָ לויף איך צו דער שול־גליטש,
וואָס גלאַנצט זיך גלאַט און ריין.

גיסט מען וואַסער אויף איר אויס,
דאַכט זיך, ס׳איז פֿון גלאָז.
— פאַלסטו איינמאָל אויפֿן גליטש
ווער נישט באַלד אַ האָז!

ווערסט אַ האָז זיין, אוי איז שלעכט!
לאַכט מען גלייך פֿון דיר.
קומט דיר ס׳גליטשן אָן צו שווער?
קום׳זשע היינט מיט מיר.

נעמען מיר זיך פֿאַר די הענט
זינגען צו אַ ליד;
אַ מחיה אויפֿן גליטש,
ווען שאַרף דאָס פֿרעסטל בריט!

# אין באַלים שפּיל

טעקסט : פ. האַלטער          מוזיק: לעאָן ווינער




איינס און צוויי,
איינס, צוויי, דריי און פיר,
וואַרף דעם באַלים
גיכער צו מיר.

כאַפּסטו אים,
פּעסטער אים שוין האַלט,
שפּרינגט ער אַפּ,
אים פאַרלירסטו באַלד.

איינס און צוויי!
געשיקטער זיך דריי,
וויאנאָ! דעם באַליט
גיכער באַפריי.

דערנאָך צו דער וואַנט
אַ פולע געקלאַפּט,
זדריי מאָל אין וויאנאָ
דעם באַלים געכאַפּט.

# אלע פיר

טעקסט: כבקה גאלין　　　　מוזיק. לעאן ווײנער

מיר טן-וואר פיר לע-א פיר לע-א
לע – כע-בע און לע – כע-הע מיר דער בײ
און לע – כע-הע מיר – מיט לע-בע-לע – בו
מיר מיט לע בע-בו לע – כע-בע

אַלע פיר, אַלע פיר,
וואַרטן מיר ביי דער טיר.
הערעלע און בערעלע,
בובעלע מיט מיר.

קומט צו גיין דער פאַפאַ,
ברענגט אַ גרויסן שיינעם פאַק
קיכעלעך און צוקערלעך,
ניס אויך אַ פולן זאַק.

נאַשן מיר, טאַנצן מיר,
טאַנצן מיר שוין אַלע פיר:
הערעלע און בערעלע,
בובעלע מיט מיר.

# מַה הֵבִיא לִי הָאֶתְרוֹג?

טעקסט: אלחנן אינדעלמאן    מוזיק: לעאן וויינער

*Andante - Moderato*

מַה הֵ - בִיא לִי הָ - אֶתְ - רוֹג

רֵי - חַ גַן וְ - נִיר יָ - רֹק

גִיל מוֹ - לֶ - דֶת הַ - נִּבְ - נֵית

בְּ - פַ - טִישׁ קַרְ - דֹם וָ - אֵת

גִיל מוֹ - לֶ - דֶת הַ - נִבְ - נֵית

בְּ - פַ - טִישׁ קַר - דֹם וָ - אֵת

מה הביא לי האתרוג?
— ריח גן וניר ירוק,
ג׳יל מולדת הנבנית
בפטיש, קרדום ואת.

מה הביא לי הלולב?
— המית רוח ביום סתיו.
בכי תינוק על מות האב,
שנפל גבור בקרב.

# אָחִי כּוֹתֵב

טעקסט: אלחנן אינדעלמאן      מוזיק: לעאן וויינער

*Moderato*

*mf*

שם בארץ
יש לי אח.
זה אחי
כותב לי כך:

אני עובד
הרבה מאד
בכרמים
ובשדות.

אני יוגב
וגם כורם.
בעובדים
יצא לי שם.

עלה לכאן,
אחי יקר!
גם אתה
תהי אכר.

# אֳנִיּוֹת

**טעקסט: אלחנן אינדעלמאַן. מוזיק: לעאָן ווײַנער**

*Moderato*

אניות, אניות —
ממרחק הן באות
מצפון, מדרום
מביאות הן הלום
מטען־גיל, מטען רב:
ילדים, סבה, סב,
אב ואם, דודה, דוד.
כלם באו לעבוד.

מי בכפר, מי בעיר,
לעבוד ולשיר,
לעדור ולבנות,
לשחק וללמוד.
כלם באו הלום
מצפון, מדרום,
ממזרח, ממערב —
המון־עם, קהל רב.

# לַ״ג בָּעֹמֶר

טעקסט : אלחנן אינדעלמאן. מוזיק : לעאן ווײנער.

*Moderato*

לַ״ג - בָּ - ע - מֶר חַג גָ - דוֹל

קוֹל - בְּ שִׁיר - נָ מַח - נִשְׂ בּוֹ

קוֹל - בְּ שִׁיר - נָ מַח - נִצְ בּוֹ

עֵץ בוֹת - חֵץ - בְּ צֵא - נֵ בּוֹ

הֵץ - בַּ - ו - אֶת - קֶ - בַּ גַם

פַּ הֵץ - בַּ - ו אֶת - קֶ - בַּ גַם

....... טוּ פּוֹ כִּ פּוֹ פִּ פַּ כִּ



ל״ג בעומר —
חג גדול.
פה נשמח
נשיר בקול.

פה נצא
בחרבות־עץ.
גם בקשת
ובחץ.

אל היער,
אל הגיא —
נשתעשע
עד בלי די.

ל״ג בעומר —
יום חמיד,
חג לילד,
לתלמיד.

שרה חולה,
מצחה חמים,
תשכב זה כבר
שבעה ימים.

באה סבתא —
אט צועדת —
סמכה ידה
רועדת.

עלי מצחה
של נכדתה —
פלאי־פלאים —
אי מחלתה?...

# אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא

טעקסט: אלחנן אינדעלמאן
מוזיק: א. דאווידאוויטש

*Andantino*

אֵ - לִ - יָּ - הוּ - הַ - נָּ - בִיא
מַה - לְּ - טַף - הַ - יּוֹם - יָ - בִיא
סַל - גָּ - דוֹל - עִם - מִגְ - דָּ - נוֹת
צִ - מּוּ - קִים - וְ - עוֹד - וְ - עוֹד

אליהו הנביא —
מה לטף היום יביא?
סל גדול עם מגדנות,
צמוקים ועוד ועוד.

מי ראשון ימזוג לו כוס,
לקראתו ירוץ־יעלוז,
הוא, רק הוא יראה בעין:
אליהו שותה יין.

מי ראשון יפתח הדלת,
הוא, רק הוא יראה הפלא:
אליהו כוסו יט
ויעלם מיד...

מי עצל וירד
לא יסב עם אב ואם,
לא ישתה, לא יזמר —
ראות הפלא יאחר.

# בָּא הַקַּיִץ

טעקסט: נתן אלטערמאן. מוזיק: לעאן ווינער.

*Moderato*

-או בָּא יִץ-קַ מַח-נַשׁ גִּיל-נָ יוֹם-הַ זֶה

כּוּ רַח-נָ גַּן עַר-יַ-וָ עַל-מֶ-או שִׁיר

נִי-הַ בַּשׁ-לָ חַי רֶק-יֶ נִי-הַ בַּשׁ-לָ חַי רֶק-יֶ

זה היום
נגיל, נשמחה!
קיץ בא,
אורו זרח.

די ללמוד,
הילד, די
צא מבית
אל הגיא.

גן ויער,
מלאו שיר,
ירק חי
לבש הניר.

אל אאחו —
שם מה טוב!
פרחי־בושם
שם לרוב.

במרחק
הפלג רץ,
חיש־מהר
הוא רץ — לאן?

צא, הילד,
צא וברח!
קיץ בא,
אורו זרח!

# עֲלֵה, נֵרִי

טעקסט: אלחנן אינדעלמאן      מוזיק: לעאן ווינער




עלה, נרי!
עלה, הנר!
האר חדרי,
חדרי האר!

עלה, נרי,
עלה, הנר!
על רוב ניסיך
ספר, ספר!

על מכבי
בעוז נלחם,
גרש אויבים,
גאל העם.

עלה, נרי,
עלה וזרח
לילד קטן,
לילד רך!

# מײַן טאַטע׳א כהן

*Moderato*

רא - מו קײַן העלד מײַן דיר פאַר כ׳האָב

זיך .וויסט-דער קוים ביר - פּרו נאָר מיך שלאָג

דיר צו וויי איז אוי טע - טא מײַן דאָס

קוים וויסט-דער זיך דאָס מײַן טא - טע

אוי איז וויי צו דיר

כ׳האָב פאַר דיר, מיין העלד, קיין מורא,
שלאָג מיך נאָר, פּרוביר!
קוים דערוויסט זיך דאָס מיין טאַטע,
אוי איז וויי צו דיר.

ווייל מיין טאַטע איז אַ כּוהן,
ס'איז מיט אים קיין שפּאַס;
ער צערייסן קען אַ מענטשן,
ווען ער ווערט אין כּעס.

איין מאָל האָט אין הויף אברהמל
מיר דערלאַנגט אַ שטויס,
איז מיין טאַטע, רויט פון צאָרן,
גלייך צו אים אַרויס.

נאָר אַ מזל האָט אברהמל —
גראָד דעם אויגנבליק
שטאַרבט אַוועק זיין קראַנקער טאַטע...
אוי האָט ער אַ גליק!

ווייל אַ כּוהן מוז פאַרלאָזן
ס'הויז ווו ס'ליגט אַ מת —
שלאָג מיך, שלאָג מיך, מיינסטו אַז תּמיד
טרעפט זיך אַזאַ נס?

טעקסט: מ. געבירטיג

# דרײַ טעכטערלעך

טעקסט: מ. געבירטיג
























וועט מיט מזל, געזונט און לעבן,
ס׳עלטסטע טעכטערל מיר ווען אויסגעבן,
וועל איך טאַנצן מיר האָפּ, האָפּ!
אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ,
וועל איך טאַנצן אוי, וועל איך טאַנצן —
אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ.
שפּילט קלעזמאָרים! שפּילט מיט לעבן —
ס׳ערשטע טעכטערל היינט אויסגעגעבן,
נאָך געבליבן אונדז מיידלעך צוויי,
ווי האַלט מען שוין ביי זיי!

שפּילט, קלעזמאָרים, נעמט די כלי־זין!
זאָל די גאַנצע וועלט מיט אונדז זיך פרייען,
אוי, אונדזער שמחה ווייסט נאָר איין גאָט
און דער, וואָס טעכטער האָט!

ווען כ׳וועל זען שוין דאָס צווייטע מיידל
אָנגעטאָן אין ווייסן חופּה־קליידל,
וועל איך טרינקען און פריילעך זיין —
אַראָפּ פון האַרץ אַ שטיין,
וועל איך טרינקען, אוי, וועל איך טרינקען,
אַראָפּ פון האַרץ אַ שטיין.

שפּילט קלעזמאָרים, הייבט אָן שניידן!
ס'צווייטע מיידל גיבן מיר אויס אין פריידן,
דאָס מוזיניקל נאָך האָבן מיר,
ווי האַלט מען שוין ביי איר.
שפּילט קלעזמאָרים, פּאַר אונדז מחותנים,
זאָלן אַ לעב טאָן אויך אַ מאָל קבצנים,
אַ קינד אויסגעגעבן, אוי, גאָטעניו,
אַ מיידל נאָך דערצו.

ווען ביים לעצטן כ'וועל שפּילן הערן,
וועל איך עפּעס טרויעריק שטיין און קלערן —
ס'לעצטע טעכטערל שוין אויך אַוועק,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?
ס'לעצטע טעכטערל, אוי, ס'לעצטע טעכטערל,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?

שפּילט קלעזמאָרים! באַזעצט די כלה,
צוגענומען אונדז די קינדער אַלע,
שווער געווען אונדז די טעכטער דריי,
אוי, שווערער נאָך אָן זיי.
שפּילט קלעזמאָרים, אַרויס מיט טרערן,
ס'לעצטע בעטל וועט היינט ליידיק ווערן,
ס'גאַנצע שטיבל, איר קליידער־שאַנק —
אוי, שווערער נאָך אָן זיי.

וואס האבן מיר צו מיטאג היינט? —
פרעגט יאסעלע דער מאַמען, —
מיר וועלט זיך עסן, מאַמעניו,
קאַרטאפל־זופּ מיט שוואמען.

— געהערט אַ חוצפּה, ס'ווילט זיך אים
קאַרטאפל־זופּ מיט שוואמען,
כ'האב היינט געקאכט אַ קנאבל־זופּ,
וועסט אסור זיך נישט סמען.

קאַרטאפל־זופּ וויל יאסעלע,
און די עלטסטע טאכטער סאסעלע
גבירישע מאכלימלעך האט ליב,
נו גיב זיי פיינע שפּייזעלעך,
ווי אין יענע רייכע הייזעלעך,
אַז קיין גראשן איז נישטא אין שטוב,
אוי, אַז קיין גראשן איז נישטא אין שטוב.

וואס האבן מיר צו מיטאג היינט? —
אַריין אין שטוב קומט סאסל —
מיר ווילט זיך עסן, מאַמעניו,
אוי פאַרפעלעך מיט ראסל!

— געהערט אַ חוצפּה, פאַרפעלעך
מיט ראסל ווי מאַגנאַטן,
איך האָב היינט געקאָכט אַ קנאָבל־זופּ,
ס'וועט אסור דיר נישט שאַטן.

קאַרטאפל־זופּ וויל יאסעלע,
פאַרפעלעך מיט ראסל סאסעלע,
קנאבל זופּקעס האבן זיי נישט ליב,
און חיהלע ס'מיזיניקל —
דאס איז גאר אַ מין מפוניקל,
און קיין גראשן אין נישטאַ אין שטוב,
אוי, און קיין גראשן איז נישטא אין שטוב.

וואס האבן מיר צו מיטאג היינט?
אַריין אין שטוב קומט חיה
כ'וויל באַבעלעך מיט קליסקעלעך
מיר שמעקט עס אַ מחיה!

— געהערט אַ חוצפה, באבעלעך
מיט קליסקעלעך איר גאַר שמעקן,
כ'האב היינט געקאכט אַ קנאבל־זופ,
וועסט אסור זיך נישט קרעקן.

קאַרטאפל־זופ וויל יאסעלע,
פערפעלעך מיט ראסל סאסעלע,
זיהלע שרייט, מאַמעניו, מיר גיב,
אוי, באַבעלעך מיט קליסקעלעך
סלינע רינט פון זייערע פיסקעלעך
און קיין גראשן איז נישטא אין שטוב,
אוי, און קיין גראשן איז נישטא אין שטוב.

וואס טוט זיך דא? — פרעגט ס'מאַנעלע,
דערזעענדיק מיך בייזלעך, —
וואס זיצט איר אַזוי ברוגזלעך,
אַראפגעלאזט די נעזלעך.

געהערט אַ חוצפה, אך און וויי,
פרנסה־געבער מיינער!
געקאכט אַ פיינע קנאבל־זופ
און עס וויל נישט קיינער.

קאַרטאפל־זופ וויל יאסעלע,
פארפעלעך מיט ראסל סאסעלע,
באַבעלעך מיט קליסקעלעך איר גאַר גיב,
נו, קאך זיי פיינע שפייזעלעך,
ווי אין יענע רייכע הייזעלעך,
אַז קיין גראשן איז נישטא אין שטוב,
אוי, קנאבל־זופ האט אויך מיין מאַן נישט ליב.

# קינדער-יאָרן

פּעקסט : מ. געבירטיג

*Andante*

רן - יאָ דער-קינ סע - זי, רן - יאָ דער - קינ

רן - כ - ז מיין אין וואך איר בלייבט ביק - איי

לייד און באנג זוי - א מיר ווערט צייט ער - איי פון טראכט איך ווען

רן - וואָ - גע אלט שוין איך בין שנעל ווי אוי

קינדער־יאָרן, זיסע קינדער־יאָרן,
אייביק בלייבט איר וואַך אין מיין זכרון;
ווען איך טראַכט פון אייער צייט,
ווערט מיר אַזוי באַנג און לייד —
אוי, ווי שנעל בין איך שוין אַלט געוואָרן.

נאָך שטייט מיר דאָס שטיבל פאַר די אויגן,
וווּ איך בין געבוירן, אויפגעצויגן,
אויך מיין וויגל זע איך דאָרט,
שטייט נאָך אויף דעם זעלבן אָרט, —
ווי אַ חלום איז דאָס אַלץ פאַרפלויגן.

און מיין מאַמע, אַך, ווי כ׳פלעג זי ליבן,
כאָטש זי האָט אין חדר מיך געטריבן,
יעדער קניפּ איז פון איר האַנט
מיר נאָך אַזוי גוט באַקאַנט —
כאָטש קיין צייכן איז מיר נישט פאַרבליבן.

נאָך זע איך דיך, פייגעלע דו שיינע,
נאָך קוש איך די רויטע בעקלעך דיינע,
דיינע אויגן פול מיט חן,
דרינגען אין מיין האַרץ אַריין,
כ׳האָב געמיינט דו וועסט אַמאָל זיין מיינע.

קינדער־יאָרן, יונגע, שיינע בלומען,
צוריק צו מיר וועט איר שוין מער נישט קומען,
פון דער שטוב נישטאָ קיין פלעק,
פייגעלע איז אויך אַוועק,
אוי, ווי שנעל איך בין שוין אַלט געוואָרן.

לע - צע - הער דײַן גאָלד רל - כטע - פּוּאָ

איך זאָל זיך נישט פּלאָ - גן

דיר בן - האָ זאָל סר - קי דער נישט וויל

נישט רוע - צי קיין ווערסט דו און האַלט

גן - טראָ

מאַמעניו מײַנע, מאַמעניו האַרץ,
בינד אָפּ פון מײַן האַלדז די קאָרעלן,
דער קיסר וועט קומען צופֿאָרן אַהער,
און כ׳וועל אים חלילה געפֿעלן...

— טאַכטערל מיינע, טאַכטערל גאָלד,
דיין הערצעלע זאָל זיך נישט פּלאָגן,
איך וויל נישט דער קיסר זאָל האָבן דיך האָלט,
און דו וועסט קיין צירונג נישט טראָגן...

מאַמעניו מיינע, מאַמעניו האַרץ,
מיין צאָפּ טו מיר מיאוס פאַרקעמען,
דער קיסר וועט קומען צופאָרן אַהער,
און שיקן שטאַפעטן מיך נעמען...

— טאַכטערל מיינע, טאַכטערל גאָלד,
ער וועט קיין שטאַפעטן נישט שיקן,
איך וויל נישט דער קיסר זאָל האָבן דיך האָלט,
און קניפּ דיר אַ קאַלטן אַ דיקן...

מאַמעניו מיינע, מאַמעניו האַרץ,
מיין ווייס געזיכט טו פאַרשמירן,
דער קיסר וועט קומען צופאָרן אַהער,
און וועט אין זיין פּאַלאַץ מיך פירן...

— טאַכטערל מיינע, טאַכטערל גאָלד,
האָב נישט קיין מורא אין האַרצן,
איך וויל נישט דער קיסר זאָל האָבן דיך האָלט,
און וועל דיך מיט סאַזשע פאַרשוואַרצן...

מאַמעניו מיינע, מאַמעניו האַרץ,
כ׳טו ביטערע טרערן פאַרגיסן,
דער קיסר וועט קומען צופאָרן אַהער,
ווי קען איך די אויגן פאַרשליסן?

— טאַכטערל מיינע, טאַכטערל גאָלד,
אַנטלויף ווי אַ פייל פון עם בויגן,
כ׳האָב מורא דער קיסר וועט קריגן דיך האָלט,
ווען ער וועט דערזען דיינע אויגן.

# אז דו וועסט באַצאָלן ברודער

טעקסט : מ. ל. האלפּערן    מ. געלבאַרט

*Moderato*

דער - ברו  לן - צאָ - באַ  וועסט  דו  אז

רן - פּאַ  טן - רע - קאַ  אין  סטו - וועס

לין  לע  לין  לע  אײַ

דער - ברו  לן - צאָ - באַ  נישט  סטו - וועס

רן - דאָ  און  שטיין  אויף  גײן  סטו - וועס

צו  לעך - גע - אוי  נע - דײַ  נשע  מאַק

לין  לע  לין  לע  אײַ

אַז דו וועסט באַצאָלן ברודער,
וועסטו אין קאַרעטן פֿאָרן, —
איי־לע ליו־לע־ליו.
וועסטו נישט באַצאָלן ברודער,
וועסטו גיין אויף שטיין און דאָרן.
מאַך זשע דיינע אויגעלעך צו,
איי־לע ליו־לע־ליו.

ווי אַ הונט אַ פרעמדן וועט מען
דיך פון אַלע טירן טרייבן.
איי־לע ליו־לע־ליו.
ווו דו וועסט אַ טאָג פאַרברענגען,
וועסטו נעכטיקן נישט בלייבן,
מאַך זשע דיינע אויגעלעך צו,
איי־לע ליו־לע־ליו.

וועסטו אויף אַ שטיין זיך זעצן,
שלאָגן זיך אַליין אין האַרצן,
איי־לע ליו־לע־ליו.
וועט די מאַמע ז״חל וויינען
אויף דיין גורל, אויף דעם שוואַרצן,
מאַך זשע דיינע אויגעלעך צו,
איי־לע ליו־לע־ליו.

וועט משיח מער נישט קענען
איר געווין אַריבערטראָגן,
איי־לע ליו־לע־ליו.
וועט ער זיך פון קייטן רייסן,
און דעם קאָפּ אין שטיין זיך שלאָגן,
מאַך זשע דיינע אויגעלעך צו,
איי־לע ליו־לע־ליו.

# זשאַמעלע

דו וועסט זײַן א גביר מײַן זשא-מע — לע
פלעגטו מיר זינ - גען בײַ - מײַן - ווי - גע - לע
א - לע נאכט א-מאָל מײַן מא - מע - לע
איך גע - דענק נאָך הײַנט איר ני - גע - לע

דו וועסט זיין אַ גביר, מיין זשאַמעלע, —
פלעגט מיר זינגען באַ מיין וויגעלע
אַלע נאַכט אַמאָל מיין מאַמעלע,
איך געדענק נאָך היינט איר ניגעלע.

און מקוים איז געוואָרן מיר
די הבטחה פון מיין מאַמעלע,
שווער צו קריגן אַזאַ גרויסן,
אַזאַ עושר ווי איך זשאַמעלע.

שלאָפן שלאָף איך אויף אַ קערבעלע,
מאַך אַ המוציא אַף אַ סקאָרינקע,
און לחיים אויף אַ שערבעלע,
פול מיט ברונעם־וואַסער קלאָרינקע.

און די קינדער און דאָס ווייבעלע
זענען אויסגעפוצט אַנטיקעלע;
דורך אין אָנעצעס דאָס לייבעלע,
און פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריקעלע.

# העכער, בעסער

טעקסט: מ. ווארשאווסקי

*Allegretto*

העכער, בעסער!
די ראָד, די ראָד, מאַכט גרעסער!
גרויס האָט מיך גאָט געמאַכט,
גליק האָט ער מיר געבראַכט;
הוליעט, קינדער, אַ גאַנצע נאַכט!
די מוזינקע אויסגעגעבן!
די מוזינקע אויסגעגעבן,

שטאַרקערו פריילעך!
דו — די מַלכּה, איך — דער מלך!
אוי, אוי, איך אַליין
האָב מיט מײַנע אויגן געזען,
ווי גאָט האָט מיך מצליח געווען!
די מוזינקע אויסגעגעבן!
די מוזינקע אויסגעגעבן,

איציק, שפּיציק,
וואָס שווײַגסטו מיטן שמיציק?
אויף די קלעזמער גיב אַ געשריי,
צי שפּילן זיי, צי שלאָפן זיי,
רײַסט די סטרונעס אַלע אויף צוויי
די מוזינקע אויסגעגעבן!
די מוזינקע אויסגעגעבן,

אייזיק - מאַזיק,
די באָבע גייט אַ קאָזיק!
אָן עין־הרע זעט נאָר, זעט,
ווי זי טופּעט, ווי זי טרעט,
אוי, אַ שמחה, אוי, אַ פרייד!
די מוזינקע אויסגעגעבן,
די מוזינקע אויסגעגעבן!

מאָטל, שמעון,
די אָרעמע לײַט זענען געקומען!
שטעלט פאַר זיי דעם שענסטן טיש,
טײַערסטע ווײַנען, טײַערסטע פיש,
אוי, מײַן טאָכטער, גיב מיר אַ קוש!
די מוזינקע אויסגעגעבן!
די מוזינקע אויסגעגעבן,

צן - טאַנ קע - פּאַ מיר - לאַ

דײַ דײַ דײַ דײַ דײַ אוי דײַ דײַ דײַ אוי דײַ אוי

. . . . . . . . . . . . . . .

האַ האַ . . . . . . . . . . . . . .

האַ . . . . . . . . . . . . . .

— אַ גוט מאָרגן דיר, הירש־דוד!

— אַ גוט מאָרגן זרח!

— כ׳האָב געהערט, האָסט מיט מזל

אויספּאַרקויפט דעם צוואָרעך.

— נישט דעם צוואָרעך, נאָר דאָס מילכיקס

אויספּאַרקויפט אינגאַנצן;

לאָמיר לייגן האַנט אויף אַקסל,

לאָמיר טאַקע טאַנצן.

אײַדי, דידל־די, די־די־די...

— אַ הערש־דוד, וואָס מאַכט דיין ווייבל,
כ'מיין דיין שרה־חיה?
אַט די קאָבילע זי שערט זיך
לויט די מאָדעס נייע.
אויסגעטאָן פון זיך דאָס שייטל,
יידישקייט אינגאַנצן,
איבער קוימענס, איבער דעכער
גייען שדים טאַנצן.
אײדי, דידל־די, די־די־די...

— כ'האָב אַ מויד אַ כשר קעלבל,
דו אַ זון, אפרים,
מ'וועט זיי מאַכן אַ געוועלבל,
לאָמיר שרייבן תנאים.
כאַ־כאַ־כאַ, צוויי מאות זילבער
גיב איך זיי אינגאַנצן,
איבער פעלדער, איבער וועלדער
וועלן יידן טאַנצן,
אײדי, דידל־די, די־די־די...

משה בראָדערזאָן

# רבינו תם

טעקסט: א. מאנגער — מוזיק: רובין

ליד נע - ס'שיי גען - זינ איך וועל איך :

נע - דע - גאָל דער פון דאם. זל - די דל - איַ

וואָס ים. פון - וויַ דעם בער-אוי וע - פא

בעס - לי זא - רקאָ א לע - ווע - ברי בעס - לי א טראָגט

צו תם נו - בי - ר דעם צו לע - ווע - ברי

בי - בײַ - איַ בײַ - איי תם . נו - בי - ר דעם

בײַ - בײַ - איַ . . . . . . . . . . . . . .



לאמיר זינגען דאס שיינע ליד, היידל־דידל־דאס,
געפלויגן איז די פּאַווע איבערן שוואַרצן ים,
און טראָגט אין מויל אַ בריוועלע, אַ ראָזן ליבעס־בריוועלע
פאַר דעם רבינו תם, פאַר דעם רבינו תם.

ווער האָט געשריבן דאס בריוועלע, היידל־דידל־דיי,
געשריבן האָט דאס בריוועלע, די מלכּה פון טערקיי,
געשריבן עס מיט רויטן טינט און פאַרחתמעט עס געשווינד
מיט הייסע טרערן דריי, מיט הייסע טרערן דריי.

וואָס שטייט געשריבן אין בריוועלע, היידל־דידל דו,
„רבי, אַ, איך ליבע דיך, וואָס זשע שוויגסטו, נו,
איך עסע ניט, איך טרינקע ניט, איך ווער צעזעצט פאַר בענקעניש,
איך האַבע קיינע רו, איך האַבע קיינע רו".

נו, ער — רבינו תם, היידל־דידל דע,
ער קראַצט די פּאות און די באָרד און זאָגט דריי מאָל: „פּע!"
און דאָס ציגעלע אין שטאַל, ס׳הייליקע ציגעלע אין שטאַל,
העלפט אים אונטער „מע", אוי, העלפט אים אונטער „מע!"

נו, און זי, די רביצין, דיידל־דידל־דוי
זי שלאָגט אים מיט אַ וואַלגערהאָלץ און זאָגט צו אים אַזוי:
„שיקסעס ליגן דיר אין זין, און יאַך און יאַך ווי בין,
דיין הייס־געליבטע פרוי, דיין הייס־געליבטע פרוי!"

טרעפט ווער ס׳האָט דאָס ליד געמאַכט? היידל־דידל־דאָס
— אַ שניידער־יונג האָט עס געמאַכט צולהכעיס דעם רבינו תם...
שבת צווישן טאָג און נאַכט, האָט אַ ליץ אַריינגעלאַכט
אַקוראַט צום גראָס, אַקוראַט צום גראָס.

# א בָּחור א הולטײַ

סײַ - הול א חור - בָּ א בין איך

לא לא לא פרא קן - שטע א מיר איך האָב

קן - ע לע - א אין ל׳שפאן לא לא לא לא

לע - א אין ל׳שפאן לא לא לא לא לא לא לא פרא

קן - ע

כ׳בין אַ בחור אַ הולטיי,
מיט אַ גרויסן שטעקן.
טיי־ראַ, ראַ־ראַ־ראַ־ראַ
כ׳שפּאַן אין אַלע עקן.

קום איך צו אַ קרעטשמע צו,
קלאַפּ איך אָן אין טויער.
„ווער ביסטו, ווער ביסטו?“
ענטפער איך: אַ גייער.

ליידיק־גייער, אַזוי פרי,
חוצפּהניק פאַרשייטער!
טרילי־לי, לי־לי־לי,
און איך גיי זיך ווייטער.

פּאַרט אַ פויערל פאַרביי;
„צא סליכאַטש נאַ שוויעטשע?“
ווייס ער ניט און טוט אַ בריי:
סוויעטשע, פּעטשע, מעטשע!

# מחותּנטע מײַנע

*Allegro*

מחותּנטע מײַנע, מחותּנטע געטרײַע,
אוי לאָמיר זײַן אויף אײביק מחותּנים,
לאָמיר זײַן אויף אײביק מחותּנים,
איך גיב אײַך אַװעק מײַן טאָכטער אַ שײנע,
זי זאָל בײַ אײַך נישט אָנװערן דאָס פּנים.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
אוי, לאמיר זיין אויף אייביק מחותנים;
אוי, לאמיר זיין אויף אייביק מחותנים.
איך גיב אייך אַוועק מיין טאכטער פאַר אַ שנור,
זי זאָל ביי אייך נישט אָנווערן דאָס פּנים.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
מיין קינד זאָלט איר נישט פרי אויפוועקן,
און טאַמער וועט איר זען אַן עולה אויף מיין קינד,
ווי אַ מאַמע זאָלט איר דאָס פאַרדעקן.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
אויף קינדער האָבן מוז מען בלוט פאַרגיסן,
און טאַמער וועט איר זען, אַז דער זון האָט ליב די שנור,
זאָל עס אייך חלילה נישט פאַרדריסן.

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע געטרייע,
איך פאָר צו אייך מיט אַ פאַריקל,
און טאַמער וועט איר זיין אַ שלאַק, אַ בייזע שוויגער
איז מיין טאכטער אויכעט אַן אַנטיקל.

# אינהאלט

פּאַרטיזאַנ... 

## הימנען און אַרבעטס־לידער

## פּאַרטיזאַנער־לידער



## געטאָ־לידער

## קינדער־לידער



## שטייגער־לידער

# תיקון טעות

| זייט | שורה | געדרוקט | דאַרף זיין |
| --- | --- | --- | --- |
| 26 | 1 | קוילנגרעבע | קוילנגרעבער |
| 152 | 3־2 | דריי שיינע קליינע יינגעלעך אַלע פראַכט | מיט ווייכע רויטע בעקעלעך ווי צאַרטער סאַמעט גלאַט |
| „ | 24 | ניסעלע רופט מען מיך | דאָס דריטע דאָס בין איך |
| 172 | 8 | שפּילט עס ביי מיר פאַלש און אויך פאַרקערט | נעמט עס ברומען עלעהיי אַ בער |
| 62 | | אין די נאָטן פון ליד „וואַרשע" במקום „סי" | „לאַ בעמאָל". |

# פון די אַרויסגעבער

ביי אַ טייל לידער ווערט דער לייענער געפינען די נעמען פון די מחברים פון טעקסט אָדער מוזיק אין דער אינהאַלט־פאַרצייכנונג.

בנוגע דער אויטאָרשאַפט פון געוויסע פאַרטיזאַנער און געטאָ־לידער, וואָס זיינען אַריין אין דער זאַמלונג, מוזן מיר מאַכן די באַוואָרעניש, אַז מעגלעך נישט אומעטום זיינען ריכטיק אָנגעגעבן געוואָרן די נעמען פון די מחברים. דאָס דערקלערט זיך טיילווייז דערמיט, וואָס דאָס ביכל האָט מען אָנגעהויבן צונויפשטעלן באַלד נאָך דער באַפרייאונג.

די זאַמלונג איז צונויפגעשטעלט געוואָרן ביי דער נאָענטסטער אַקטיווער מיטווירקונג פון ש. קאַטשערגינסקי.

